# בלעטער
# פון אַ
# געטאָ־טאָג־בוך

פון דר. ת. שאָשקעס



פֿאַרלאַג
דר. ה. ה. גלאַנץ
ניו־יאָרק, 1943

# די פאַרמשפּטע

דער שרייבער פון דער הקדמה, ד״ר י. יונאַשאַ, איז איינער פון די פירנדיקע פיגורן פון דער פוילישער אונטערערדישער באַוועגונג, וועמען ס׳איז געלונגען אַרויסצוקומען פון פוילן מיט אַ וויכטיקער שליחות פון אונטערגרונט.

היינט פאַרנעמט ער אַ וויכטיקן אָרט אין פוילישן מלוכה־אַפּאַראַט אין גלות. — דער נאָמען, אונטער וועלכן ער שרייבט, איז, צוליב פאַרשטענדלעכע טעמים, אַ פּסעוודאָנים.

איך בין געווען 6 שעה אויף דעם „אומשלאַגס־פּלאַץ" אין וואַרשע, — דאָרטן אויף דער סטאַווקי גאַס, — וואו מען לאַדעוועט די יידן אין וואַגאָנעס צו זייער לעצטער רייזע; דאָרטן, וואו עס קומט פאָר איינע פון די גרעסטע טראַגעדיעס אין דער מענטשלעכער געשיכטע.

מיר קוועטשן זיך אַריין אין אַ מענטשן־קנויל; עס איז הייס, אַ שרעקלעכער געדראַנג, אַ לופט דערשטיקט צו ווערן. מען קען שווין פון די ריחות פּשוט ניט אויסהאַלטן. די אָנגעזאַמלטע קרבנות שוויצן; ערלעדיקן זייערע נאַטירלעכע באַדערפענישן דאָרט, וואו זיי שטייען... וואָס איז דען די נפקא־מינה? אויפן דריטן שטאָק פון דער געביידע שטייט עפּעס אַ יונגע פרוי מיט אַ שגעון פייער אין די אויגן. זי שרייט ניט, נאָר וואָיעט, ווי אַ פאַרוואונדעטע חיה: „אָוועקגענומען, צוגענומען..." עמעצער זאָגט מיר: „צוויי קליינע קינדער אירע האָט מען נאָר וואָס אַריינגעוואָרפן אין אַ וואַגאָן".

איך שטיי אַ באַטויבטער, אַ באַרוישטער, אַן אויפגעטרייסלטער. אָט בין איך אויף אַ וואָקזאַל און עס שטייען מענטשן און וואַרטן אויף אַ צוג, אויפן צוג פון טויט". אָט זע איך, ווי

די מענטשן גייען אַראָפּ פֿון די אויבערשטע שטאָקן פֿון „אומ־שלאַגס־פּלאַץ" מיט אַן אויסזען פֿון „לונאַטיקער": שוין בעסער פֿאָרן; מיר האָבן שוין ניט קיין כּוח צו וואַרטן אויף אונזער אומבאַשטימטן סוף..." אַט פֿירט אַ יונגערמאַן זיין אַלטע מאַמע און רעדט צו איר אַזוי ווי אין פֿיבער: „ניטאָ מער קיין רעטונג, מאַמע! אַבי זאָל זיך דאָס שוין שנעל ענדיקן!..." אַ מיידל רייסט זיך אַריין אין קאָרידאָר. אונטן אין אַ צעריסענער קלייד און שרייט היסטעריש: „מען האָט זיי אַלע פֿיר צוגענומען; איצט בין איך אַליין, אַליין! טויט מיך!"

אויף אַ צעבראָכענער וואַנט אַנטקעגן אַריינגאַנג צום „אומשלאַגס־פּלאַץ" זיצט רייטנדיק אַ דייטשער צאָל־באַאַמטער, — ניט קיין סאָלדאַט, ניט קיין פּאָליציאַנט, — נאָר אַ ציווילער דייטש, — און שפּילט זיך שיסנדיק פֿון אַ ביקס אין די פֿענצטער אַנטקעגן.

...נעכטן ביינאַכט האָבן אוקראַאינער און לאַטישן דורכגעפֿירט אַ מאַסן־שחיטה פֿון טויזנטער מענטשן. מען האָט געמאָרדעט אין די וואוינונגען, אויף די הויפֿן, אין די גאַסן. אין דער פֿרי האָב איך געטראָפֿן צוויי גרויסע וועגענער אָנגעלאָדן מיט קערפּערלעך פֿון קינדער, גאָר קליינע קינדער ביז צוויי יאָר אַלט...

און די וועלט שווייגט. און אַ וועלט ווייס, וואָס עס קומט דאָ פֿאָר און שווייגט. עס איבערראַשט די דאָזיקע שטילקייט. אפֿשר וועט זיך פֿאַרט עמעצער אָפּרופֿן און אַ רעד־טאָן צו די דייטשן אין דער איינציקער שפּראַך, וועלכע זיי פֿאַרשטייען. — אין דער שפּראַך פֿון טעראָר און שטראָף.

שפּעטער האָבן מיר זיך דאָ דערוואוסט וועגן קאַמף, וואָס האָט זיך אָנגעהויבן אין די געטאָס. אַ העלדישער אָבער אויך שרעקלעכער ווידערשטאַנד פֿון טויזנטער צום טויט פֿאַראורטיילטע קעגן דער דייטשער בעסטיע, וואָס האָט געמיינט, אַז אַ ייד איז שוין אין גאַנצן הפקר. זיי קעמפֿן דאָך ניט פֿאַר זייער לעבן. — דאָס איז דאָך האָפֿנונגסלאָז. זיי ווילן נאָר נעמען

פון שונא דעם העכסטן פרייז, צאָלנדיק מיט זייער בלוט פאַרן פאַרניכטן אַ וואָס גרעסערע צאָל פון פאַרברעכער.

ווען איך בין געקומען קיין אַמעריקע האָב איך פאַרשטאַנען דעם אַבסורד וועגן אַ דיסקוסיע, וועלכע איך האָב דאָ אָנגעטראָפן מכוח „גוטע און שלעכטע" דייטשן — וועגן דעם צי זיינען זיי אינדיווידועל פאַראַנטוואָרטלעך, אָדער טראָגן זיי די אחריות אַלס אַ פאָלק. אמת איז דאָך, דאָס אין דייטשלאַנד האָט שטענדיק עקזיסטירט און עס עקזיסטירט נאָך איצט אַ ספּעציעלער „מאָראַלישער קלימאַט", אין וועלכן די בעסטיאַליטעטן ווערן געבוירן און געהאָדעוועט. און דאָס איז ניט נאָר אין שייכות מיט אַ באַציאונג צו יידן. עס שטעקט אין דעם אַ סאַדיסטישע ליידנשאַפט פון שטן. מיר זעען דאָך, ווי די דייטשן מאַטערן וואָכן־לאַנג צום טויט־פאַרמשפּטע, ווי זיי טראַכטן אויס פאַר זיי, באַוואוסטזיניק, פאַרשיידענע יסורים. ווי זיי רייסן אָפּ קינדער פון עלטערן און האָבן ליב זיך צוצוקוקן, ווי די עלטערן רעאַגירן, ווען מען טויט די קינדער פאַר זייערע אויגן... דאָס איז דאָך אַ געננום פאַר די דייטשע תלינים.

אָט וואַרפן זיי דאָך אַרויס אַלטע לייט און קינדער דורך די פענצטער פון לויפנדיקן צוג און שיסן צו זיי, ווען זיי „פליען". — דאָס איז דער נייעסטער ספּאָרט ניט נאָר פאַר שטורמיסטן, נאָר פאַר דער אויפוואַקסנדיקער יוגנט.

ווען די מלחמה וועט זיך ענדיקן, וועט זיך דאָך פונדעסטוועגן אַ טייל פון דער דאָזיקער דייטשער יוגנט ראַטעווען... צי קאָנט איר זיך פאָרשטעלן אַז אָט די דאָזיקע מערדער, תלינים, דעגענעראַטן, וועלכע די אוראַלטע ערד האָט געטראָגן, — וועלן ווידער אָנהייבן מיט אונז צו האַנדלען, רייזן צוזאַמען, פאָדערן אַפילו פאַרשיידענע רעכט און פּריווילעגיעס? איז דען אַזוינס ניט געווען נאָך דער ערשטער וועלט־מלחמה?

איידער איך בין אַנטלאָפן פון פּוילן, בין איך אַ סך מאָל געווען אין וואַרשעווער געטאָ. עס איז נאָך געווען פאַר די שוידערלעכע עקזעקוציעס. — אָבער שוין דאַן האָב איך פאַרנאָ־

טירט אומצייליקע אַקטן פֿון טעראָר, פֿון חיה'שער באַהאַנדלונג פֿון יידן און שפּעטער איז געקומען די צייט פֿאַר פּאָליאַקן: מען האָט זיי געכאַפּט, ווי חיות אין די גאַסן; מען האָט פֿאַרפֿולט די תּפֿיסות און קאָנצענטראַציע־לאַגערן מיט צענדליקער טויזנטער פֿון זיי. טויזנטער זיינען אומגעקומען און קומען ווייטער אום אין אינקוויזיציע יסורים. אָבער אונטער דער ערד, הינטער די אויגן פֿון שונא איז אויפֿגעוואַקסן אַ מעכטיקע אַרמיי פֿון פֿריי־הייטס־קעמפֿער; וואָס גרעסער די ליידן, אַלץ שטאַרקער ווערן די רייען פֿון אונזער אונטערערדישער מחנה.

מיר ווייסן נאָך ניט איצט, וויפֿל יידן עס זיינען אויסגע־מאָרדעט געוואָרן אין פּוילן. מען זאָגט אַז די קרבנות שטייגן שוין אַריבער צוויי מיליאָן.

אָבער עפּעס איז דאָך געבליבן, און זיי מוז מען ראַטעווען, פֿאַר יעדן פּרייז אויפֿהאַלטן ביים לעבן, די דייטשן דאַרפֿן וויסן, אַז זיי צאָלן דעם פֿולן פּרייז פֿאַר זייערע מערדערייען. ווען מען וואַרפֿט באָמבעס אויף זייערע שטעט דאַרפֿן גלייכצייטיק אויך אַראָפּגעוואָרפֿן ווערן אויפֿרופֿן, — אַז דאָס איז אַ שטראָף פֿאַר מיליאָנען דערמאָרדעטע. יעדע שטאָט, יעדעס דאָרף, — דאַרף צוזאַמען מיט די באָמבעס. — אַזעלכע באַגלייט־בריוועלעך באַ־קומען, — אַז דאָס איז פֿאַר די אומשולדיקע יידן, און אויך פֿאַר אַלע אַנדערע געפּייניקטע אין פּוילן, אין גריכנלאַנד, און נאָר־וועגיע און אין גאַנץ אייראָפּע...

איר רעדט וועגן „גוטע דייטשן", — אָבער וואו זיינען זיי? וואו זיינען די סאַבאָטאַזש־אַקטן? וואו איז די דייטשע אונ־טערערדישע באַוועגונג? פֿאַרוואָס זעען מיר אַן אָרגאַניזירטן ווידערשטאַנד אין אַלע אָקופּירטע לענדער, — אָבער ניט פֿון די דייטשן אין דייטשלאַנד גופֿא? וואָס מיר גלויבן יאָ איז, אַז ווען דער דייטשער פֿראָנט וועט זיך אָנהייבן ברעכן, — וועט אפֿשר די פּרייסישע גענעראַלן־קליקע אַליין פֿאַראָרדענען צו שאַפֿן אַ „געהיימע באַוועגונג", כדי צו דערוויזן, אַז עס זיינען

פֿאַראַן „גוטע דייטשן", כּדי דורכדעם ראַטעווען אַ טייל מערדער פֿון דער פֿאַרדינטער תּליה...

וועלן מיר זיך אויך דערמאָלט לאָזן כאַפּן אויף דער ווענדקע פֿון רחמנות פֿאַרן אויסוואורף־פֿאָלק, ווי דאָס איז געווען אין 1918?

אָדער אפֿשר וועלן מיר שוין אָנהייבן צושטעלן דעם חשבון — אַפֿשר דאַרף מען זאָפֿאָרט, אָט טאַקע באַלד מודיע זיין דעם דייטש — אַז פֿאַר דערמאָרדן אַן אַלטיטשקע יידענע וועט אומ־קומען זיין אייגענע מאַמע, זיין ווייב, זיין...

דאָס וועט האָבן אַ פּעולה; דער שטן האָט דאָך ניט קיין רחמנות־געפֿילן — אָבער טשוכעט זיך אויס, ווען מען צינדט אונטער זיין אייגענע פֿעל...

פֿעלקער וואָס קעמפֿן פֿאַר פֿרייהייט וועלן ניט אומקומען, ווי גרויס עס זאָלן ניט זיין די איינצלנע קרבנות. אָבער די מערדער מוזן אונטערגיין!

דאָס וועט ניט זיין קיין בלינדער אַקט פֿון נקמה, — נאָר אַ באַרעכטיקטע אָפּעראַציע פֿון אַ דאָקטאָר, וואָס שניידט אויס אַ ראַק — כּדי דער גאַנצער אָרגאַניזם זאָל ניט פֿאַרניכטעט ווערן...

ד"ר י. יונאָשאַ

ניו־יאָרק, יאַנואַר, 1944

# א.

**די דײַטשן גרינדן דעם געטאָ * מיר שטעלן זיך פֿאַר פֿאַרן מיליטערישן קאָמענדאַנט פֿון וואַרשע * מאַטקע פֿינקערט דער „מתים קעניג" ווערט „ראש הקהל" * מיר שרײַען אָפּ אַ גזירה * די ערשטע וואָכן אין אָקופּירטן וואַרשע.**

ביז איצט זײַנען אין די צײַטונגען דערשינען נאָר אָפּגעריסענע און ווידערשפּרעכנדיקע ידיעות, ווי אַזוי עס איז פּראָקלאַמירט געוואָרן די געטאָ־גזירה און ווי זי איז עטלעכע מאָל אָפּגעלייגט געוואָרן. אַלס איינער פֿון די, וועלכער האָט געפֿירט די אונטערהאַנדלונגען מיט דער געסטאַפּאָ און מיט דער דײַטשער מיליטערישער מאַכט בין איך אימשטאַנד איבערצוגעבן די ווירקלעכע געשיכטע איבער דער אַנטשטייאונג פֿון דער וואַרשעווער געטאָ.

דינסטאָג דעם 7טן נאָוועמבער, 1939, איינס אַזייגער בייטאָג, איז אין דער קהלה פֿאַרוואַלטונג אויף גזשיבאָווסקע גאַס, אַרײַנגעלאָפֿן פֿאַרסאַפּעט אַ סאַרדזשענט פֿון דער געסטאַפּאָ און האָט דעם פּרע־זידענט פֿון קהלה־ראַט דערלאַנגט אַ באַפֿעל צוזאַמענצורופֿן אַן אויסעראָרדנטלעכע זיצונג פֿון גאַנצן קהלה־ראַט אין משך פֿון צוויי שעה. די אײַלעניש אין וועלכער די זיצונג האָט געדאַרפֿט פֿאָרקומען, האָט אין דער צעשראָקענער און אָנגעשטרענגטער וואַרשעווער אַט־מאָספֿער, קיין גוטס ניט אָנגעזאָגט.

אין דער רואינירטער הויפּט־שטאָט פֿון פּוילן, אָן טעלעפֿאָנען, אָן טראַמווייען און אָן אויטאָמאָבילן — איז ניט געווען פֿון די לײַכ־טע זאַכן צונויפֿצוזאַמלען די פֿאָרשטייער פֿון דער יידישער באַ־פֿעלקערונג אין פֿאַרלויף פֿון די קנאַפּע צוויי שעה. אָבער, מען האָט אַרויסגעשיקט שליחים צו יעדן אין הויז און געהייסן דעם שליח גלײַך מיטנעמען מיט זיך דעם באַטרעפֿנדיקן מיטגליד פֿון קהלה־ראַט.

אַזוי ווי אויפֿן גאַס פֿלעגט מען דעמאָלט כאַפּן ייִדן אויף שווערע צוואַנגס־אַרבעט, אָדער שערן די בערד — האָט מען יעדן שליח מיטגעגעבן אַ ספּעציעלן צעטל אין דער דײַטשער שפּראַך, אין וועלכן עס איז געזאָגט געוואָרן, אַז די אײַנלאַדונג איז אַ באַפֿעל פֿון דער געס־טאַפּאָ און מיר בעטן דעריבער לאָזן די שליחים דורכגיין די גאַס. צו אַ

באַקאַנטן פֿירער פֿון די וואַרשעווער פֿרומע יידן — אַ מענטש מיט אַ וועלט־נאָמען — איז מיר פּערזענלעך אויסגעקומען צו גיין און אים ברענגען אין דער געביידע פֿון דער קהלה־פֿאַרוואַלטונג, ווייל ער, מיט זיין שיינער, לאַנגער באָרד האָט זיך ניט געוואָלט פֿאַרלאָזן אויפֿן שליח, וועלכן מיר האָבן צו אים געשיקט און מורא געהאַט אַרויסגיין אויפֿן גאַס.

עס איז שוין געווען האַלב טונקל, ווען מיר האָבן זיך אַלע פֿאַר־זאַמלט אין היסטאָרישן גרויסן זאַל פֿון דער וואַרשעווער קהלה. אמת, ניט אַלע זיינען געווען אַנוועזנד — פֿון די 24 מיטגלידער האָבן געפֿעלט צוויי: דעם רעדאַקטאָר פֿון „היינט", אינדעלמאַנען, האָט מען מיט אַ טאָג פֿריער פֿאַרשלעפּט אין אַ קאָנצענטראַציע־לאַגער אין טיף דייטשלאַנד, און אַ צווייטער, אַ באַקאַנטער ציוניסטישער פֿירער, איז יענעם טאָג אַנטלאָפֿן פֿון וואַרשע אין אַן אומבאַקאַנטער ריכטונג.

אומעטיקע און נידערגעשלאָגענע, זיינען מיר געשטאַנען און געוואַרט — וואָס פֿאַר אַ נייע צרה מען וועט אונדז באַלד ברענגען.

באַלד האָט זיך דערהערט דאָס טרובן פֿון עטלעכע אויטאָמאָבילן, וועלכע האָבן זיך מיט שווערקייט באַוועגט דורך דער מיט ציגל, באַלקנס און אייזן פֿאַרשאָטענער גזשיבאָווסקער גאַס. דורכן פֿענצטער האָבן מיר געקענט זען, ווי פֿון דריי אויטאָמאָבילן זיינען אַרויס געס־טאַפּאָ אָפֿיצירן, זייערע גרוי־שוואַרצע מאַנטלען מיט די מעטאַלענע טויטן־שאַרבנס אויף זייערע היטלען זיינען געווען די שרעק פֿון דער גאַנצער באַפֿעלקערונג און די גאַס האָט דעריבער אויסגעזען, ווי אָפּגעשטאָרבן; קיין לעבעדיקער מענטש האָט זיך ניט געוואַגט צו באַווייזן אין דער נאָענטער סביבה פֿון די געסטאַפּאָ־תּלינים.

אַלע זיינען מיר געשטאַנען פֿאַרזאַמלט אין זאַל.

אַ הויכער דיקער אָפֿיציר האָט פֿאַרגעלייענט אונזערע אַלעמענס נעמען און מיר האָבן געמוזט אויפֿן קול ענטפֿערן: „היער". גלייך דער־רויף האָבן די דייטשן געשטעלט די פֿאָדערונג: זאָפֿאָרט אויסצוגעפֿינען 24 פּערזאָן וועלכע זאָלן קענען יעדן פֿון אונז פֿאַרטרעטן אַלס מיט־גלידער פֿון קהלה־ראַט. עס איז קלאָר געוואָרן, מען וויל אונז אַרעס־טירן און אויף אונזער אָרט באַשטימען פֿאַרטרעטער.

אייגנטלעך, האָבן מיר זיך אויף דעם יעדן טאָג געריכט, אָבער דאָך איז געוואָרן „קאַלעמוטנע" אויפֿן האַרצן. מען גיט אונז איינ־גאַנצן 15 מינוט אויסצופֿירן די פֿאָדערונג און דאָס איז דאָך כמעט אוממעגלעך: וואו וועלן מיר איצט נעמען 24 חשובע יידן, וועלכע וועלן בילדן אַ נייעם קהלה־ראַט. יעדער זיצט דאָך פֿאַרשטעקט ביי

זיך אין וואוינונג און קיינער וועט ניט וועלן פרייוויליק אונטערשטעלן זיין קאָפּ און אָננעמען דעם געפערלעכן כבוד פון ווערן אַ קהלה־פּרנס אונטער די דייטשן. אָבער דער גראָבער דייטש, נעמט אַרויס דעם זייגער און צוזאַמען מיט דער גרופּע אָפיצירן, זעצט ער זיך אַוועק וואַרטן ביז מיר וועלן אין 15 מינוט צונויפשטעלן אַ גייעם קאָמפּלעט פון וואַרשעווער פּרנסים. מיר האָבן זיך גלייך געמוזט דעצידירן.

דריי פון אונז זיינען אַראָפּגעלאָפן אין גאַס און אַריינגעלאָפן אין דער חברה־קדישה געזעלשאַפט, וועלכע געפינט זיך קעגנאיבער. דאָרט זיינען שטענדיק געווען קברנים, מתים־טרעגער, תכריכים־נייער, פאָר־מאַנעס פון די טויטן־קאַראַוועגען. קיין אַנדערע יידן האָבן מיר דערווייל אונטערן האַנט ניט געהאַט. „מילא, — האָט זיך יעדער פון אונז גע־קלערט — זאָלן די דייטשן האָבן אַזאַ קהלה־ראַט, וועלכן זיי פאַרדינען".

מיר האָבן צוגעזאָגט די אָרעמע יידן צו עטלעכע זלאָטעס און עס האָט טאַקע ניט געדויערט קיין 15־20 מינוט, ווי מיר האָבן שוין געהאַט 24 נייע קהלה־פאָרשטייער, אָן דער שפּיץ פון וועלכע עס איז געשטאַנען מאָטקע פינקערט, מיט זיינע גלאַנצנדיקע שטיוועלעך, ברייטע מיליטערישע הויזן און וואויליונגערישן בליק — דער אַזוי גערופענער „קעניג פון די מתים", וועלכער איז גראָד ערב דער מלחמה אַרויס פון אַ לאַנג־יאָריקן תפיסה טערמין — און דווקא ניט פאַר קיין פּאָליטישן פאַרברעכן.

מ'האָט אונז אויסגעשטעלט אין צוויי רייען, איינע אַנקעגן די אַנדערע: פון איין זייט דער באַקאַנטער גרויסער געלערנטער פּראָפעסאָר מאיר באַלאַבאַן, סענאַטאָר קערנער, ר' איטשע מאיר לעווין און אַנ־דערע באַקאַנטע פירער פון יידנטום. פון דער אַנדערער זייט — מאָטקע פינקערט מיט די גלאַנצנדיקע שטיוועלעך צוזאַמען מיט אַ חברה קברנים און תכריכים יידן.

אין זאַל איז געווען טונקל, צווישן אונז איז געשטאַנען אַ גרופּע פון דייטשע אָפיצירן. אַ סאָלדאַט האָט געהאַלטן אין האַנט אַ פלאַקער־דיקן פאַקל, וועלכער האָט אַביסל באַלויכטן דעם גרויסן זאַל. די עלעקטריק האָט נאָך ניט פונקציאָנירט. פון די ווענט האָבן אַראָפּ־געקוקט די בילדער פון די אַמאָליקע וואַרשעווער גאונים און רבנים — רבי אליהו מייזעלס, רבי שלמה דודסאָן. ס'האָט אויסגעזען ווי זיי וואָלטן געוויינט, צוקוקנדיק ווי מען מאַכט זייערע קינדער און נאָכפאָל־גער צו שאַנד און צו שפּאָט.

אַ דייטשער אָפיציר האָט זיך אָוועקגעשטעלט און פאָטאָגראַפירט דאָס אומפּאַרגעסלעכע בילד. אַ צווייטער אָפיציר האָט דערביי געלייענט פאָלגנדיקן דעקרעט:

„וועלנדיק אָפּהיטן די דייטשע אַרמיי און די אַרישע באַפעלקערונג פון שעדלעכן יידישן איינפלוס — ווערט אין וואַרשע געבילדעט אַ געטאָ, אין גרענעצן וועלכע זיינען אָנגעצייכנט אויף דער בייגעלייגטער געאָגראַפישער מאַפּע. אַלע יידן וועלכע וואוינען אויסערן געטאָ, מוזן זיך זאַפאַרט אַריבערציען אין זיינע גרענעצן, דאָס דאַרף פאָרקומען אין משך פון 3 טעג. דער געטאָ וועט אַרומגעצוימט ווערן מיט שטעכעדיקע דראָט. עס וועלן אָוועקגעשטעלט ווערן וועכטער און פון 7 אַזייגער אין אָוונט ביז 7 אַזייגער אין דער פרי, וועט זיך קיין שום ייד ניט טאָרן געפינען אין דרויסן פון די געטאָ־ווענט".

אַ שוידער האָט אונז אַלעמען אַרומגעכאַפּט. מיר זיינען געשטאַנען ווי פאַרגליווערט. לויט דעם דאָזיקן פּלאַן, וואָס מען האָט אונז נאָר וואָס דאָ געוויזן האָבן אַרום 160 טויזנט יידן געזאָלט אַרויסגעוואָרפן ווערן און אַריין, וואו? אין די רואינירטע, פון באָמבעס צעשטערטע קוואַרטאַלן פון נאַלעווקעס און סמאָטשע, וואו די יידישע אָרעמקייט איז צונויפגעפרעסט צו 6 און 10 אין איין צימער, וואו יעדעס צווייטע הויז ליגט אין חורבות, פון וועלכע מען האָט נאָך די מתים ניט אויס־געגראָבן! ווי אַזוי וועלן מיר עס קענען אין משך פון 3 טעג געבן די 160 טויזנט מענטשן כאָטש אַ דאַך איבערן קאָפּ?

מיר דערוואַרטן מען זאָל אונז שוין אַרעסטירן — צו וואָס דען האָט מען אונז געבייט צונויפצושטעלן אַ צעטל פון פאַרטרעטער? אָבער די געסטאַפּאָ־באַנדיטן מיינען עס אַנדערש: אונז לאָזן זיי אויף דער פריי אין משך פון 3 טעג און דערפאַר אָבער אַרעסטירן זיי די 24 אומשולדיקע חברה־קדישה יידן, וועלכע מען פּאַרפּאַקט אין אַ בויד און מען פירט אַוועק. מען זאָגט אונז נאָר אַז: „וועט איר אין משך פון דריי טעג ניט ווי געהעריק איינאָרדענען די געטאָ — וועלן מיר אייערע 24 פאַרטרעטער דערשיסן ווי הינט".

דאָס איז געווען אַן אומפאַרגעסלעך בילד, ווי עס האָבן מאַרשירט אויף די ברייטע קהלה־טרעפּ, 24 צעבראָכענע, וויינענדיקע, דער־שראָקענע פרומע תהילים־יידן בראש מיטן „קעניג פון די מתים", מאָטקע פינקערט. ער איז שוין דאָס צווייטע מאָל געגאַנגען אין תפיסה. דאָס מאָל אָבער, ווי אַן אמתער מאַרטירער פאַר אַ יידישער זאַך.

מיר זיינען אַ גאַנצע נאַכט געזעסן און געמאַכט פּלענער, און געקלערט, פּרובירט זוכן אַן אויסוועג פון דער טראַגישער לאַגע. אָבער אַלע האָבן מיר פאַרשטאַנען, אַז אַרויסוואַרפן אַלע יידן פון דער פאַרשטאָט פּראַגע, פון אַזעלכע הונדערט פּראָצענטיקע יידן־גאַסן ווי: טוואַרדע, פּאַנסקע, שליסקע א״א איז אוממעגלעך. ווי אַזוי וועלן מיר זיי איבערטראַנספּאָרטירן, אַז עס זיינען ניטאָ קיין לאַסט־אויטאָ־מאָבילן, קיין פורן, קיין פערד דראָשקעס...

און וואוהין?...

מיר באַשליסן אַ ריזיקאַלישן שריט, וועלכער, מיר האָבן עס געפילט — האָט אונז געקאָנט קאָסטן דאָס לעבן, אָבער קיין אנדער ברירה איז ניט געווען. מיר האָבן אויסגעוויילט אַ דעלעגאַציע פון דריי פּערזאָן, וועלכע האָט געדאַרפט גיין בעטן רחמים ביים שעף פון דער דייטשער אַרמיי פון וואַרשעווער ראַיאָן, גענעראַל ליוטע־נאַנט פאָן נוימאַן־נוירא‎דע. אין זיין נאָמען האָט מען דאָך אונז פאַרגעלייענט די גזירה; אפשר וועלן מיר זי ביי אים אָפּשרייען... אָבער דאָס איז געווען אַ געפאַר, דערפאַר וואָס אַלע יידן אין גאַנץ פוילן געפינען זיך אין רשות פון דער געסטאַפּאָ און האָבן נישט קיין רעכט צו קאָמוניקירן זיך מיט אַן אַנדער מאַכט. פאַר דעם האָט געדראָט טויט־שטראָף, אָבער אַ ברירה האָבן מיר געהאַט?

צען אַזייגער אין דער פרי איז אונזער דעלעגאַציע פון דריי געווען ביים גענעראַל אויפן זאַקסישן פּלאַץ אין דער אַלטער געביידע פון פוילישן גענעראַל־שטאַב.

מען האָט אונז אויפגענומען זייער העפלעך. אַן אַדיוטאַנט האָט אונז, נאָך אַ האַלבע שעה וואַרטן אַריינגעפירט צום קאָמענדאַנט.

אונז אַנטקעגן איז אַרויס אַ הויכער גרויער הער, עלעגאַנט, מיט אַ מאָנאָקל, אָנגעטאָן מיטן גאַנצן פּאַראַד פון די אַמאָליקע גענעראַלן. גאַרניט ווי אין קריג. ער האָט אַלעמען דערלאַנגט די האַנט און אַפילו געבעטן זיצן. אינגאַנצן אַנדערש ווי די געסטאַפּאָ תלינים, מיט וועלכע מיר האָבן יעדן טאָג געהאַט צו טאָן.

מיר האָבן שוין פון פריער באַשלאָסן מיט דעם גענעראַל ניט צו רעדן וועגן רחמנות אויף יידן, וועגן הומאַניטאַרע פּרינציפּן און אַנדערע אַזעלכע „נאַרישקייטן" וועלכע האָבן צו טאָן מיט מענטש־לעכקייט און יושר... דאַקעגן האָבן מיר דעם גענעראַל געזאָגט:

„מיר האָבן באַקומען אַ באַפעל איבערצווואַרפן 160 טויזנט יידן אין משך פון 3 טעג אין אַ געטאָ. אונזער חוב איז אויפמערקזאַם צו מאַכן אייער עקסעלענץ, אַז אַזאַ מין מאַסן אַריבערפירן קאָן פאַרשטאַרקן

די עפּידעמיע, וואָס הערשט אין שטאָט. די עפּידעמיע קאָן ווערן געפערלעך פאַר דער אַרמיי, ווייל די באַצילן פון טיפוס און דיזענ־טעריע ווילן פון קיין געטאָ ניט וויסן.

דער גענעראַל האָט אויסגעזען פאַרוואונדערט: ווי אַזוי? איך האָב אַרויסגעגעבן אַ באַפעל אַריבערצופירן 160 טויזנט מענטשן אין דריי טעג? אוממעגלעך! דאָ איז אַ מיספאַרשטענדעניש!

מיר זעען, אַז דער גענעראַל ווערט אַנגעצונדן און פילן גלייב־צייטיק, אַז מיר — די אָרעמע יידישע דעלעגאַציע — האָט אַריינגע־רוקט איר פינגער צווישן די צוויי פינצטערע כוחות, וועלכע האָבן נאָך ביז איצט ניט שלום געמאַכט אין דייטשלאַנד: די אַרמיי און די געסטאַפּאָ.

דער גענעראַל הייסט אונז אַריינגיין אין אַן אַנדער צימער און וואַרטן.

עס דויערט ניט קיין 15 מינוט, ווי דורך אונזער צימער לויפט פאַרביי דער שעף פון דער געסטאַפּאָ, וועלכן דער גענעראַל האָט צו זיך אַרויסגערופן, דער קאַפּיטאַן באָץ. מיר הערן דורך דער טיר, ווי דער גענעראַל בייזערט זיך, ווי דער שעף פון דער געסטאַפּאָ פאַר־ענטפערט זיך, אָבער קיין קלאָרע דיבורים קאָן מען ניט פאַרשטיין.

דורכן צימער לויפט ווידער דורך צוריק דער שעף פון דער געסטאַפּאָ, אַ רויטער, אַן אויפגערעגטער און וואַרפט אויף אונז אַזאַ בליק, ווי ער וואָלט געזאָגט: „וואַרט, וואַרט, יידעלעך, איך וועל זיך מיט אייך אָפּרעכענען!"

מען רופט אונז צוריק אַריין צום גענעראַל און מיר באַקומען דאָס מאָל, אַ זייער קאַלטע, אָבער העפלעכע תשובה: „וועגן דעם גאַנצן ענין זיך פאַרשטענדיקן מיט דער געסטאַפּאָ".

מיר זיינען שוין אויסגעשעפּט פון אָנשטרענגונג, אָבער דאָך באַשליסן מיר זאָפאָרט אַוועקצוגיין צו קאַפּיטאַן באָץ. דאָס מאָל גייען נאָר צוויי פּערזאָן: דער פּרעזידענט פון דער קהלה און איך.

עס איז אַ לאַנגער מהלך פון דער קאָמענדאַטור צו דער געסטאַפּאָ־געביידע: מיר גייען אָבער צו־פוס אונטער אַ שלאַקס־רעגן, ווייל מיר ווילן זיך אַביסל צוגרייטן צו דער געגנוג אומאַנגענעמער באַ־געגעניש.

אויפן דריטן שטאָק פון דער געסטאַפּאָ־געביידע (אַלעיע שוכאַ 25), וואַרט שוין אויף אונז אַ צעיושעטער טיגער. פיר באַוואָפנטע געס־טאַפּאָ סאַרדזשענטס פירן אונז אַריין אין זיין צימער. קאַפּיטאַן באָץ

פּאַכעט מיט זיין שפּיצרוט; ער איז בייז, וואָס מיר האָבן געוואָגט זיך קלאָגן פאַרן אַרמיי־קאָמאַנדיר, מיר — לייזיקע, שמוציקע יידן...

זיין שפּיצרוט רירט אָן מיין געזיכט, מיין קאָפּ... עס באַליי־דיקט, אָבער מען מוז האָבן אויסדויער. דאָן זעצט ער זיך אַוועק אָן אויסגעשעפּטער, ווייזט אָן אויף דעם פּלאַן פון געטאָ און זאָגט: „האָב איך דען געהייסן אַרויסוואַרפן 160 טויזנט יידן? האָב איך דען געזאָגט, אַז איך טו דאָס אין גענעראַלס נאָמען?!

„ניין! — ענטפערן מיר, — איר האָט דאָס קיין מאָל ניט געהייסן; מיר האָבן אַ טעות געהאַט! עס איז אונזער שולד?" ער אָטעמט אָפּ לייכטער און מיר דערפילן, אַז מיט דעם וועג קאָן מען נאָך עפּעס ראַטעווען.

איך גיי צו צו אים, לייג אַרויף די הענט אויף דעם פּלאַן פון וואַרשע און זאָג: „אַלזאָ, ה' הויפּט־גרופּן פירער! מעגן די יידן פון פּראַגע, אָכאָטע און פּעלצאָוויזנע, בלייבן אין זייערע וווינונגען?"

„נו, יאָ, האָב איך דען אַנדערש געזאָגט..." האָט דער שוואַרצער חברה־מאַן געענטפערט.

„און די יידן פון יענעם זייט ווינער וואָקזאַל ביז מאָקאָטאָוו?

„זיי קענען אויך בלייבן, דערווייל..." —

„און אפשר וועט איר איבערהויפּט אָפּלייגן די פאַראָרדענונג, צוליב דער עפּידעמיע, צוליב דער דייטשער אַרמיי?"

קאַפּיטאַן באָץ ווערט ווידער אין כעס: „כיטרע יידליקעס וואָס איר זענט! — איר האָט רחמנות אויף דער אַרמיי... אַלזאָ גיט אַ בליי־פעדער".

ער נעמט אַ רויטן בליי־פעדער און מאַכט אויף דער קאַרטע אַ צייכן, וואו די געטאָ זאָל שוין דאָס מאָל זיין.

מיר זעען גלייך, אַז ביים דאָזיקן פּלאַן וועלן דאַרפן איבערוואַנ־דערן „נאָר" אַ וואָסער 40 טויזנט יידן.

אין שטאָט האָט זיך דערווייל געטאָן חושך, קיינער האָט ניט געוואוסט, צי מעג ער בלייבן אין זיין וואוינונג, אָדער וועט מען אים פון איר אַרויסוואַרפן.

טויזנטער האָבן זיך אַ לאָז געטאָן פון זייערע היימען אויף דער גזשיבאָווסקע גאַס, צום קהלה־בנין, כדי זיך עפּעס צו דערוויסן. ווען מיר זיינען געקומען צוריק האָט מען שוין דורך דער גאַס ניט געקענט זיך דורכשלאָגן. אַ יאָמער, אַ געוויין, פון צענד־ליי־קער טויזנטער וואַרשעווער יידן איז געשטאַנען אין דער לופטן, צוזאַמען מיט אָרעמע יידישע שוסטערס און שניידערס; עלעגאַנטע דאַמען פון

דער העכערער געזעלשאַפֿט צוזאַמען מיט מאַרק־זיצערינס זיינען געשטאַנען צוזאַמענגעפּרעסט און געוואַרט אויף אַ ידיעה, צי מעגן זיי נאָך בלייבן אין זייערע היימען, און וואו זאָלן זיי גיין, אויב ניט.

איך האָב דאָס געוויין מער ניט געקענט צוהערן. פֿאַר מיינע אויגן האָב איך נאָך געזען די בייטש פֿון געסטאַפּאָ־פֿירער... איך בין אַרויף אויף אַ מיסט־קאַסטן אינמיטן גאַס און נאָכדעם, ווי דער עולם האָט פֿאַרשטאַנען, אַז מען וויל אים עפּעס וויכטיקעס איבערגעבן איז פֿון זיך אַליין געוואָרן שטיל. איך האָב גערעדט מיט היץ, מיט פֿייער וועגן יידישע זעלבסטווירדע, אויסדויער. באַשוואוירן מען זאָל ניט וויינען, כּדי שונאים זאָלן זיך ניט פֿרייען און איבערגעגעבן די נייעס, אַז אַביסל האָט מען די גזירה אָפּגעשריען, אַז אין אַ רייע גאַסן מעג מען דערווייל נאָך בלייבן וואוינען...

נאָך מיר איז אַרויף אויפֿן זעלבן מיסט־קאַסטן ש. זיגעלבוים. דער שפּעטער טראַגיש אומגעקומענער בונדישער פֿירער האָט נאָך שאַרפֿער, נאָך מוטיקער גערעדט. די אַרבעטער קענען אים און נעמען אים אויף מיט ענטוזיאַזם. מיר וויסןביידע, אַז מיר ריזיקירן די קעפּ, אָבער ווער האָט דאַן געקלערט וועגן אייגענעם לעבן, צוזעענדיק, ווי אַ גאַנץ פֿאָלק יאָמערט... דאָס איז געווען אַ סצענע, וועלכע איך וועל ביזן טויט ניט פֿאַרגעסן. זי האָט דערמאָנט די מאַסן־סצענעס פֿון אַלטע בילדער, וועלכע שטעלן פֿאַר דעם אונטערגאַנג פֿון דער אַלטער רוימישער שטאָט פּאָמפּעי.

ענדלעך איז דער עולם זיך פֿונאַנדערגעגאַנגען. מיר האָבן אַרויס געשיקט הונדערטער יוגנטלעכע אין די גאַסן, אין די טויערן, וואו מען דאַרף אָנזאָגן, אַז מען זאָל זיך אין משך פֿון די נעקסטע צוויי טעג גרייטן צום גירוש. עס זיינען געגרינדעט געוואָרן קאָמיטעטן פֿאַר עוואַקואַציע, פֿאַר זוכן צימערן פֿאַר די אַרויסגעטריבענע. וואַרשע איז נישט געשלאָפֿן.

שפּעט ביינאַכט אויפֿן דריטן טאָג, האָבן מיר זיך דערוואוסט, אַז אין שטילן קאַמף צווישן דער אַרמיי און דער געסטאַפּאָ, איז דערווייל באַשלאָסן געוואָרן אָפּצולייגן די גזירה ביז די עפּידעמיע וועט אַריבער.

אָבער דערווייל קומען דאָך פֿאַר די פֿאַרבאַרייטונגען אין די יידישע הייזער, וועלכע מען מוז פֿאַרלאָזן. וואָס טוט מען כּדי צו וויסן צו געבן דער יידישער באַפֿעלקערונג, זי זאָל זיך דערווייל אָפּהאַלטן און בלייבן אין וואוינונגען.

באַשליסן מיר, אַ גרופּע מיטגלידער פֿון קהלה־ראַט פּערזענלעך דורכלויפֿן די גאַסן און אָנזאָגן דער באַפֿעלקערונג וועגן דעם. קיין צייטונגען, טעלעפֿאָנען אָדער אַנדערע קאָמוניקאַציע מיטלען זיינען דאָך ניטאָ.

זעקס פֿאַרטאָג מעג מען שוין לויטן געזעץ אַרויסגיין אין גאַס. איך האָב געדאַרפֿט, לויטן פּלאַן, באַזוכן דעם ראַיאָן פֿון די גאַסן טוואַרדע־מאַריאַנסקע. און אָט וואָס עס איז פֿאַרשריבן וועגן דעם אין מיין נאָטיץ־ביכל, אונטער דער דאַטע פֿון יענעם טאָג:

„עס איז אַ רעגן און אַ קעלט; איך לויף אין די טריבע, צע־בראָכענע הויפֿן פֿון באַגנאַ, פּאַנסקע, טוואַרדע. פֿון די טויערן טראָגט מען שוין קינדער, קישנס, קאָלדרעס, אַלטע בעבעכעס, פּעקלעך אין לייַלעכער. דאָס לויפֿט די יידישע אָרעמקייט אין געטאָ אַריין; זי ווייס נאָך ניט, אַז מען האָט די גזירה אָפּגעלייגט.

„שנעל צעטראָגט זיך די ידיעה, וועלכע איך האָב געבראַכט אין די גאַסן. מיט מיר צוזאַמען לויפֿן שוין אָנזאָגן די בשורה פֿון טויער צו טויער, פֿון שטוב צו שטוב, צענדליקער יונגעלייט און פֿריילינס. דאָס מאָל ווייַנט מען שוין פֿאַר שמחה, וואָס מען לאָזט נאָך דער־ווייל זיצן אין דער אַלטער היים. עס גייען צוריק אין זייערע שטיבלעך די אַלטע מאַמעס און טאַטעס, באָבעס און זיידעס, אַזעלכע דער־שראָקענע, אָפּגעריסענע און הונגעריקע".

* * *

דעם זעלבן טאָג גייען מיר ווידער אין אַ דעלעגאַציע בעטן, מען זאָל כאָטש אַרויסלאָזן אויף דער פֿריי די 24 אומשולדיקע יידן.

קאַפּיטאַן באָך האָט יענעם טאָג זיך כמעט אויפֿגעפֿירט „אָנשטענ־דיק". — „ראַוס דאַמיט יודען" — האָט ער אַ ברום געטאָן — דאָס הייסט: רעדט, דערלאַנגט לשון.

— „מיר בעטן איך, הער אויבערגרופּנפֿירער, ביז די לאַגע וועט אויפֿגעקלערט ווערן, זאָלט איר באַפֿרייען די 24 אַרעסטירטע פֿאַר־טרעטער פֿון די קהלה־מיטגלידער. איר קענט דאָך אונז שטענדיק האָבן צו אייער דיספּאָזיציע ווען איר דאַרפֿט אונז!"

באָך איז געווען אין אַ „גאָכגיביקער" שטימונג:

— „גוט, — האָט ער געענטפֿערט — אייערע יידן וועלן אין צוויי טעג אַרום באַפֿרייט ווערן. און דער ענין מיטן געטאָ וועט אויך דער־ווייל אָפּגעלייגט ווערן".

מיר זיינען אַוועק פֿון געסטאַפּאָ־שטאַב ווי פֿריטשמעליעט. מיר האָבן אונזערע אייגענע אויערן נישט געגלויבט. מיר זיינען געווען

אזוי גליקלעך, אז מיר האָבן פּשוט נישט געקענט רעדן. טרערן האָבן אונז געשטיקט... אויסגעמיטן, הייסט עס די גרעסטע קאַטאַסטראָפע אין דער יידישער וואַרשע; מען דאַרף ניט מער טראַכטן, ווי אזוי וועלן דאָס הונדערטער טויזנטער מענטשן אַרויסגעוואָרפן ווערן פון זייערע וואוינונגען, — פאַרלירן זייערע פאַרמעגנס, רואינירט ווערן איבער נאַכט...

ווען מיר זיינען אַרויס אויפן גאַס איז שוין געווען כמעט טונקל; אַ שלאַקס־רעגן האָט געגאָסן און מיר זיינען שנעל דורכגענעצט גע־וואָרן. מיר זיינען אָבער געגאַנגען, געשפּרייזט אין אַ מאָדנעם נער־ווען טראַנס. פון דער גאַס אַלעיע־שוכאַ ביז דער קהלה־געביידע איז כמעט דריי מייל ווייט; פון אונז האָט זיך געגאָסן וואַסער; מיר זיינען אַריבערגעשפּרונגען איבער די חורבות, איבער די קלעצער און ציגל פון די דורך דער באָמבאַרדירונג רואינירטע הייזער. מיר האָבן דאָס אַלץ נישט באַמערקט. אַ גרויסע פרייד האָט אָנגעפילט אונזערע הער־צער און איבער די ברעגעס: „מיר גייען אָנזאָגן דעם יידישן וואַרשע, אַז דער שווערד, וואָס איז געהאַנגען איבער זייערע קעפּ איז דערווייל אַראָפּגענומען געוואָרן. אויף ווי לאַנג", — דאָס ווייס גאָט!

עס האָט זיך דעמאָלט איינגעגעבן אָפּצושרייען די גזירה אויף אַ גאַנץ יאָר צייט.

מיט דרייצן חדשים שפּעטער איז דאָס געטאָ איינגעפירט געוואָרן אין אַ נאָך גרויזאַמערער און ברוטאַלערער פאָרם ווי ס'איז צוערשט געווען געפּלאַנט.

טשערניאַקאָוו און דער גרעסטער טייל פון די דאַן באַפרייטע 24 משכנות, זיינען שוין איצט אַלע טויט, — געפאַלן אַלס קדושים אויפן מזבח פון אונזער פאָלק.

קאַפּיטאַן באַץ האָט שפּעטער באַקומען זיין שטראָף, — ער איז דערשאָסן געוואָרן דורך פּאָליטישע פּאַרטיזאַנען.

## ב.

### געסטאַפּאָ פאַראָרדנט דער וואַרשעווער קהלה איינצואָר־דענען אַ באָרדעל * מיר בלייבן פעסט „יהרוג ואל יעבור" * מיר גרייטן זיך נעמען ציאַן־קאַלי * איך אַנטלויף פון וואַרשע.

דאָנערשטאָג, דעם 2טן נאָוועמבער, 1939, איז צו מיר אין קאַבינעט פון דער וואַרשעווער קהלה, וואו איך האָב אַמטירט אַלס עקזעקוטיוו־

מיטגליד פון דער געמיינדע, אריינגעקומען דער פארשטייער פון דער דייטשער זיכערהייטס־פאליציי (געסטאפא), גרופן־פירער מענדע, און בעטנדיק מיר זיצן, האט ער אן שום איבעריקע הקדמות ערקלערט:

„ווי אייך איז באקאנט האבן מיר אין ווארשע א באדייטנדן גאר־ניזאן יונגע און געזונטע מענטשן, וועלכע ליידן דערפון, וואס זיי פעלט געשלעכטלעכע באציאונגען. די צופעליקע באגעגענישן מיט גאסן־פרויען האבן שוין ארויסגערופן פיל ווענערישע קראנקהייטן. אזא לאגע קאנען מיר ווייטער ניט דולדן. איר ווערט דעריבער אויפגע־פאדערט אין נאמען פון דער געסטאפא, אז אייער קהלה זאל צוטרעטן צו ארגאניזירן א באַרדעל (ער האט זיך אויסגעדריקט א „פוף"), וועלכער זאל דינען פאר די געשלעכטלעכע הצטרכותן פון אונזער ארמיי"...

אין דער ערשטער מינוט בין איך געווארן ווי באטויבט און ניט אינגאנצן געגלייבט מיינע אייגענע אויערן. איך פרעג אים איבער. „מיינט איר דאס ערנסט, אדער ווילט איר פון מיר מאכן גלאט אזוי חוזק?"

מענדע ענטפערט מיר קאלטבלוטיק, קוקנדיק שארף מיר אין פנים אריין, איך האב געפילט, אז מיך באדעקט א טויטע בלאסקייט. ער האט געזאגט: „אויף מאכן שפאס איז איצט ניט קיין צייט, איר וועט זיין אזוי גוט און קומען שבת, דעם 4טן נאוועמבער, 5 אזייגער בייטאג, צו אונז אין דער צענטראלע פון דער געסטאפא, אויף דער אלעיא שוכא 23, צימער 37, מיטברענגענדיק אייערע פארטרעטער, וועמען איר האט אנפארטרויט די ארגאניזאציע פון באַרדעל.

„אייגנטלעך האט ער צוגעגעבן, וועט מען דארפן ארגאניזירן צוויי באַרדעלן: פאר אפיצירן באזונדער און פאר סאלדאטן באזונדער.

„די מיטלען, ווי אזוי צונויפצוזאמלען די מיידלעך און זיי סעג־רעגירן, וועלן מיר אנווייזן אייערע פארשטייער. דעם אפיצירן־באַרדעל רעכענען מיר איינצוארדענען מיט קאמפארט; בעט־געוואנט און מעבל וועלן מיר אויך צושטעלן די שענסטע.

„איבעריקנס, וועט דאס זיין ניט קיין שלעכטער געשעפט. אפשר דער בעסטער אין דער היינטיקער ווארשע. די קהלה וועט פון דעם קאנען ציען ניט קיין שלעכטע הכנסה".

בעת ער האט גערעדט, האב איך געפילט, אז לאנג באהערשן וועל איך זיך ניט קענען. דאס בלוט האט אין מיר אנגעהויבן קאכן.

איך האב זיך אויפגעהויבן פון פלאץ און מיט א שטימע פול מיט אויפרעגונג זיך צו אים געווענדעט:

„ווייסט איר ה' גרופּן־פירער, אַז איר מאַכט מיר דעם שענדלעכסטן פֿאָרשלאַג, וועלכן איך האָב ווען עס איז געהערט? צי ווייסט איר. אַז אונזער קהלה איז אַ רעליגיעזע אינסטאַנץ און ווערט אין העברעאיש אָנגערופֿן „הייליקע געמיינדע"! איך ערקלער אייך גאַנץ קאַטע־גאָריש; קיין מאָל וועט אייער באַפֿעל ניט אויסגעפֿירט ווערן! קיינער פֿון אונזער געמיינדע וועט אים ניט אָננעמען, מעג אונז אַלעמען דראָען דער טויט! און נאָך אַ זאַך, ה' גרופּן־פירער. איך בין אַ געוועזענער מיליטער־מאַן און אייגנטלעך האָב איך גלייך נאָך אייער פֿאָרשלאַג זיך געדאַרפֿט שיסן; איך פֿאַרמאָג לײדער איצט ניט קיין געווער. דאָס וועט מיר אָבער ניט שטערן זיך צו סמען מיט ציאַנ־קאַלי, אויב איך זאָל דאַרפֿן קומען צו אייך געבן אַ תשובה שבת. פֿאַרלאַנגט איר דאָס פֿון מיר?"

מענדע קוקט מיך אָן מיט אַ שטעכנדיקן שעלמישן בליק און ענטפֿערט:

„ה' שאַשקעס! איר נעמט די זאַך צו טראַגיש. זענט איר דאָך אַ מאַן און פֿאַרשטייט אויך אונז: מיר דאַרפֿן האָבן פּרויען און מיר האַלטן, אַז מיר מאַכן דער יידישער קהלה אַ פֿאַרשלאַג, פֿון וועלכן זי וועט קאָנען פּראָפֿיטירן. זאָל אייך אויך ניט אַרן, אויב דאָ וועלן ליידן די ראַסן־געזעצן. קריג איז קריג, און אין אַזאַ צושטאַנד זיינען אַלע טעאָריעס אָפּגעשאַפֿט".

„אַלזאָ?..."

„אַלזאָ, ה' גרופּן־פירער, שבת וועל איך צו אייך ניט קומען; אַ תשובה אויף אייער פּראָפּאָזיציע וועל איך אייך ניט געבן. און כאָטש איך בין אַ מאַן פֿון אַ פֿרוי און אַ פֿאָטער פֿון יונגע קינדער — קלייב איך בעסער אויס דעם טויט, איידער פֿירן אַפֿילו די מינ־דעסטע דיסקוסיע איבער אייער פֿאָרשלאַג".

די אויגן פֿון ה' מענדע האָבן זיך אָנגעצונדן — די דאָזיקע רוצחישע אויגן — איך קאָן זיי שוין זייט עטלעכע וואָכן. טאָג־טעגלעך קום איך מיט זיי אין באַרירונג און איך ווייס, אַז קיין מענטשלעכן פֿונק וועל איך אין זיי ניט געפֿינען. פֿון דער מיליטערישער היטל פֿון געסטאַפּאָ־פירער קוקט אויף מיר אַראָפּ אַ טויטן־קאָפּ (שאַרבן), דער דאָזיקער הערב, וועלכן עס טראָגן מיט שטאָלץ די באַאַמטע פֿון דער זיכערהייטס־פּאָליציי. אין די טויטע אויגן־לעכער פֿון דעם דאָזיקן סימבאָלישן הערב זוך איך נישט קיין רחמנות.

ה' מענדע רוקט זיך צו צו דעם גרויסן קאַלענדאַר, וועלכער ליגט אויף מיין טיש, קערט איבער צוויי בלעטלעך און שרייבט אָן אונטער

דער דאָטע שבת, דעם 4טן נאָוועמבער: „פּאָל איקס". ער דערקלערט מיר די באַדייטונג פֿון דער אויפֿשריפֿט:

„ווען איר וועט קומען צו מיר שבת אין אָפּיס באַריכטן איבערן באַרדעל, זאָלט איר דעם דאָזיקן מיאוסן וואָרט ניט באַנוצן, ווייל אין צימער אַרבעט אַ פֿרײלין אַלס סעקרעטאַרשע, זי קאָן זיך נאָך באַליידיקן, ווען מיר וועלן אין איר אָנוועזנהייט רעדן וועגן אַזעלכע ענינים; איר דאַרפֿט דעריבער אָנשטאָט דעם רעדן איבער דעם „פּאָל איקס..."

מיין עסטעטישער געסטאַפּאָ־אָפֿיציר הויבט זיך אויף פֿון אָרט. ווי שטענדיק ביז איצט, געזעגנט ער זיך ניט מיט מיר. ער באַגריסט זיך אויך קיין מאָל ניט ביים אַריינקומען: בין איך דאָך אַ ייד... ער גיט אָבער צו באַפֿעלעריש:

„אַלזאָ, קומט איר שבת אין צימער 37 מיט אייער תשובה".

„ניין, ה' גרופּן־פֿירער. קיין פֿאָרשטייער פֿון דער וואַרשעווער יידישער געמיינדע וועט צו אייך מיט דער תשובה ניט קומען..."

„וועלן מיר זען..." — גייט אַרויס מענדע מיט אַ דראָאונג.

* *
*

אַ באַליידיקטער, אַן אויפֿגערעגטער, אָבער מיט אַנטשלאָסנקייט אָפּצוּוואַרפֿן דעם שענדלעכן פֿאָרשלאָג, גיי איך אַריין אין קאַבינעט פֿון פּרעזידענט פֿון דער געמיינדע, וועמען איך פֿלעג פֿאַקטיש פֿאַר־טרעטן. איך טרעף אים אַן אויפֿגערעגטן, אַ בלאַסן. ער איז שוין אַ מאַן איבער 60 יאָר אַלט און זיינע קינבאַקן ציטערן פֿון אַן איבער־לעבן געוויין.

עס ווייזט זיך אַרויס, אַז גלייכצייטיק מיטן פֿאָרשלאָג, וועלכן עס האָט מיר געמאַכט דער גרופּן־פֿירער מענדע, האָט דעם זעלבן פֿאָרשלאָג געמאַכט דעם געמיינדע־פּרעזידענט דער הויפּט גרופּן־פֿירער, קאַ־פּיטאַן באַך.

די תשובה, וועלכע דער פּרעזידענט האָט געגעבן דעם קאַפּיטאַן באַך, איז געווען די זעלבע וואָס איך האָב געגעבן מענדען: „בעסער דער טויט, איידער אַפֿילו די מעגלעכקייט פֿון אַ דיסקוסיע וועגן באַר־דעלן מיט פֿאָרשטייער פֿון דער יידישער געמיינדע".

מיר פֿאַרשטענדיקן זיך מיטן געמיינדע־פּרעזידענט (ער איז אַ כעמיקער פֿון פֿאַך) וועגן די דאָזעס ציאַן־קאַלי...

מיר באַשליסן אויך וועגן דעם גאַנצן ענין, דערציילנדיק נאָר אַ צוויי־דריי פֿון די חשובסטע מיטגלידער פֿון קהלה־ראַט, פֿאַרבאַהאַל־

טנדיק דעם שרעקלעכן פֿאָרשלאָג פֿון אַלע איבעריקע: עס האָט גע־קענט אַרויסרופֿן אַ פּאַניק ביי די פֿרומע יידן, און דאָס האָט געקאָנט האָבן ניט קיין געוואונשענע פֿאָלגן פֿאַר דער שווערער אַרבעט, וואָס איז אויף אונז געלעגן.

אין אַ שטימונג פֿול מיט אַנגסט און שפּאַנונג בין איך געקומען צו מיר אין שטוב און מיטגעטיילט מיין פֿרוי וועגן דעם פֿאָרשלאָג און דער לעבנס־געפֿאַר, אין וועלכער איך געפֿין זיך צוליב אים...

מיין פֿרוי אָבער האָט מיט אמתן העלדנטום מיט פֿאַרשטיקטע טרערן געזאָגט:

„אַנדערש האָסטו ניט געקאָנט האַנדלען; דו מוזט אָבער מאָרגן פֿאַרטאָג אַנטלויפֿן פֿון דאַנען דורך דער סאָוויעטישער גרענעץ".

איך האָב זיך קאַטעגאָריש אָפּגעזאָגט: „צוזאַמען אַנטלויפֿן איבער דעם איצט שטרענג באַוואַרנטן גרענעץ קאָנען מיר ניט. וועל איך אָבער אַליין אַנטלויפֿן, דאַן וועט מען דיך מיט אונזער קינד דערשיסן..."

איך באַשליס צו בלייבן ווייטער אין וואַרשע.

פֿרייטאָג אין דער פֿרי זיץ איך אין פּרעזידענטן־אָפּיס פֿון דער קהלה. עס עפֿנט זיך די טיר און עס גייט אַריין, אַן אַ „גוט מאָרגן", ווי שטענדיק, דער גרופּן־פֿירער מענדע. לויט דעם אַנגענומענעם כּלל צי איך זיך אויס מיליטעריש ביי זיין אַריינקומען. ער גיט אַ נייעם באַפֿעל:

„יאָ! מיר דאַרפֿן האָבן אַ צוויי־שטאָקיקע לוקסוס־ווילע פֿאַר אונזער אָפֿיצירן־באָרדעל. עס דאַרפֿן דאָרט זיין פֿון 12 ביז 15 צימערן. איך גיב אייך אַ פֿאַראָרדענונג צו קאָנפֿיסקירן אַ יידישע ווילע, און אויב אַזעלכע איז ניטאָ — איז אַ ווילע פֿון אַ קריסט".

„אָבער, ה' מענדע, איך בעט אייך, הערט אויס מיין עצה. אין וואַרשע, אויף דאַנילאָוויטשעווסקע גאַס, געפֿינט זיך דאָך און פֿונק־ציאָנירט דער אַמט פֿון דער זיטן־פּאָליציי. דאָס איז די איינציקע אינסטאַנץ וואָס פֿאַרנעמט זיך מיט פּראָסטיטוטקעס, לאָקאַלן פֿאַר באָרדעלן אד"גל, פֿאַרוואָס זאָלט איר מיט אַזעלכע פֿונקציעס באַשווערן דווקא אַ רעליגיעזע געמיינדע?"

„נו, נו, ה' שאַשקעס! דוכט זיך, איר ווערט אַ קירכע־פּרעדיקער! מיר אַליין ווייסן וואָס מיר האָבן צו טאָן, און דערציילט אונז ניט וועגן רעליגיע און מאָראַל! אַלזאָ, מאָרגן, שבת, וואַרט איך אויף אַ תשובה, ווי אויך אויפֿן לאָקאַל".

„ניט מאָרגן, שבת, און ניט קיין מאָל וועט איר אויף דער דאָזיקער פֿראַגע באַקומען אַ תשובה!...

ה' מענדע גייט אַריבער צו אַנדערע פֿראַגן, וועלכע זיינען פֿאַרבונדן מיט דער אַרבעט אין דער צו אים אונטערגעאָרדנטער יידישער געמיינדע.

מאָרגן, שבת, 3 אַזייגער בייטאָג.

זעלבסטפֿאַרשטענדלעך, בין איך ניט געפֿאָרן אין אָפֿיס פֿון דער געסטאַפּאָ. איך זיץ אין פּרעזידיום־קאַבינעט פֿון דער קהלה און פֿון גרויסן קאַלענדאַר פֿייערן אַראָפּ די רויטע אותיות מיט דער אויפֿשריפֿט:

„פֿאַל איקס"...

4 אַזייגער דערהער איך שוין אונטן אויף דער גאַס דעם גערויש פֿון מאָטאָר. מען קאָן אים דערקענען: דאָס איז דער איינציקער אויטאָמאָביל, וואָס באַוויזט זיך אויף דער צעבראָכענער, רואינירטער און פֿאַרברענטער גזשיבאָווסקע גאָס, וואו עס געפֿינט זיך די קהלה־געביידע.

ווי שטענדיק, שטורעמדיק, קלינגנדיק מיט זיינע שפּאָרן, עפֿנט די טיר דער גרופּן־פֿירער. ער איז בייז, ער דרייט מיט זיין שפּיצרוט אין דער האַנט. איך שטעל מיך אויף גרייט אויף אַלעם.

„אַלזאָ, זענט איר טאַקע ניט געקומען?!"

איך שווייג.

„איר האָט מזל, כאָטש ניט אויף לאַנג: מיר מוזן אָפּלייגן דאָס איינאָרדענען פֿונם באָרדעל, ווייל אין אייער פֿאַרפֿלוכטער שטאָט זיינען אַלע פּאַסיקע געביידעס פֿאַרברענט. צו דער פֿראַגע וועלן מיר זיך אומקערן אין אַ צוויי וואָכן אַרום".

איך האָב פֿרייער אָפּגעאָטעמט.

אין אַ צוויי וואָכן אַרום, בין איך שוין געווען אַריבער דעם גרענעץ.

אָבער וואָס עס האָבן שפּעטער איבערגעלעבט מיינע חברים און פֿריינד פֿון דער קהלה־פֿאַרוואַלטונג — וועגן דעם האָב איך שוין געלייענט אין די צייטונגען.

פֿאַר מיר איז אָבער זיכער, אַז זיי האָבן זיך דער שענדלעכער באָרדעל־פֿאַראָרדענונג ניט אונטערגעגעבן.

## ג.

### טרויעריקע ראָל פון ליטווישע און אוקראַינישע פּאָליציי אין דינסט פון די נאַציס * די דייטשע פאַרניכטונגס־קאָמאַנדעס ביי דער אַרבעט אין געטאָ * דייטשע פילם־לייט קומען מיט גרויס פּאַראַד פאָטאָגראַפירן די שחיטה * דער זעלבסט־מאָרד פון קהלה־פּרעזידענט אַדאַם טשערניאַקאָוו * טרויעריקע ראָל פון אַ משומד * די טויטן־באַנען * קידוש־השם

אויטענטישע דאָקומענטן

מיט אַ געוויסער צייט צוריק האָבן די נאַציס פאַרעפנטלעכט זייער „ווייסן בוך", אין וועלכן זיי באַשולדיקן די אַליאירטע אין באַנוצן „באַרבאַרישע" מיטלען ביים באָמבאַרדירן די שטעט פון דייטשלאַנד, און קוילענען אומשולדיקע פרויען און קינדער, און רואינירן טעמפלען פון גלויבן און קונסט ..

דער דאָזיקער אַריינפיר איז נישט קיין דיסקוסיע מיט די דייטשע רוצחים, ניין, אַפילו קיין פאַרוואורף איז עס נישט. ס'איז בלויז אַן אַריינפיר פאַר אונז אַליין, פאַר יעדן איינצלנעם פון אונז — אויב ער וועט אַ מינוט מסיח־דעת זיין פון דעם וואָס ס'קומט איצט פאַר אין איראָפּע און באַזונדערס אין פוילן.

ווען די שעה פון נקמה וועט שלאָגן, זאָלן מיר אַלע פילן און וויסן, פאַרוואָס דאַרף דער שונא אומברחמנותדיק פאַרניכטעט ווערן און — ווי משה רבינו האָט געהייסן: אָפּמעקן דעם זכר פון עמלק פון אונטער די הימלען".

* *
*

נאָך אַ פּאָר שעה לייענען די באַריכטן, וואָס קומען אָן פון דער אונטערערדישער באַוועגונג אין פוילן, הויבט אָן מישן אין קאָפּ, כאַפּט זיך אויף אין מיר דער אוראַלטער פרימיטיווער מענטש, וועלכער פלעגט אַ ווילדער און אַ נאַקעטער לויפן אין די פאַרצייטיקע וועלדער און שפּאַלטן די קעפּ פון זיינע שונאים מיט אַ שטיק האָלץ...

און איך הייב אָן פאַרשטיין מיינע גרויסע פריינד און חברים פון וואַרשעווער קהלה־ראַט — טשערניאַקאָוו און זיגלבוים, וועלכע האָבן ניט געקענט איבערלעבן די ליידן און יסורים פון די פאַרפייניקטע ברידער און טויטנדיק זיך אַליין — איינגעשלאָסן זיך אין די מאַסן־קברים פון אונזערע אומצייליקע קדושים.

נאָר דער גלויבן, אַז מיר דערנענטערן זיך צום זיג פֿון דער גערעכ־טיקייט און אפֿשר וועלן מיר אַליין האָבן די גרויסע זכיה און פּער־זענלעך אָפּצאָלן די שונאים, כאָטש אַ טייל פֿון אונזער חוב — גיט נאָך צו אַ שטיקל זין דעם אָפּוואַרטנדיקן לעבנס־פּעריאָד, אין וועלכן מיר געפֿינען זיך.

די חשובע לייענער מוזן מיר מוחל זיין, אויב איך דאַרף אַמאָל בייטן אַ נאָמען פֿון אַ פּלאַץ, אָדער פֿון אַ פּערזאָן און ניט איין מאָל לאָז איך דורך געוויסע פֿאַקטן, וועלכע — אויב מען וואָלט זיי פּובליקירט — וואָלטן געקאָנט שאָדן ברענגען אויף פֿאַרשיידענע אופֿנים...

איך לאָז אויך דורך פֿאַקטן, וועלכע פֿאַרביטערטע אַנטלאָפֿענע מענטשן דערציילן, אַז די אָדער יענע גרופּן יידן — איבערהויפּט יידישע פּאָליציי אין די געטאָס — האָט זיך פֿאַרהאַלטן ברוטאַל, אָדער גרויזאַם צו זייערע שוואַכע ברידער. עס פֿעלט נאָך אַ גענויע באַלייכטונג, פֿאַרוואָס געוויסע טרויעריקע דערשיינונגען זיינען פֿאַרגעקומען און דעריבער לאָמיר ניט משפּטן, איידער מיר האָבן די פֿולע באַלייכטונג.

יולי 1943 האָט מאַרקירט דעם ערשטן יאָרצייט פֿון דער גרוי־זאַמסטער שחיטה אין דער מענטשלעכער געשיכטע. פּונקט מיט אַ יאָר פֿריער האָט זיך אין וואַרשעווער געטאָ אָנגעהויבן די שרעקלעכע פֿאַר־ניכטונגס־טראַגעדיע, וואָס האָט אין משך פֿון יאָר דערפֿירט צו דעם, אַז איבער אַ האַלבער מיליאָן יידן אין וואַרשע אַליין, זיינען אין גרויס ליידן און יסורים אַוועק פֿון דער וועלט.

מיר האָבן נאָך פֿריער געוואוסט, אַז אין די געטאָס הערשט הונגער, אַז קראַנקהייטן פֿאַרניכטן אַלט און יונג.

אָבער, דאָך האָבן מיר אַלע געגלייבט, אַז די גרעסטע מערהייט פֿון אונזערע ברידער וועט דאָך איבערלעבן און דערוואַרטן דעם טאָג פֿון נצחון און נקמה.

דאָס אָבער, וואָס עס איז פֿאָרגעקומען אין משך פֿון די לעצטע 12 חדשים האָט — ליידער, אונזערע דערוואַרטונגען ניט באַרעכטיקט.

דורך די איצט אָנגעקומענע דאָקומענטן דערוויסן מיר זיך איינ־צלהייטן, ווי אַזוי דער חורבן האָט זיך פּלאַנמעסיק אַנטוויקלט. לאָמיר לאָזן רעדן דעם יונגן געלערנטן ב., 34 יאָר אַלט, וועלכער האָט זיך אויף אַ געהיימניספֿולן אופֿן אַרויסגעראַטעוועט פֿון הינטער די ווענט פֿון געטאָ און געפֿינט זיך איצט ערגעץ אין אַ דאָרף אין פּוילן.

דאָרט האָבן באַגלייבטע מענטשן פֿאַרשריבן זייער ווערטער, וועלכע מיר גיבן דאָ איבער אין דער פֿאָרעם, ווי זיי האָבן זיך באַקומען פֿון פּוילישן אונטערגרונט:

„מיר האָבן זיך אָנגעהויבן צו שרעקן פֿאַר עפּעס שווידערלעכעס, וואָס דאַרף קומען, שוין אין פֿרילינג 1942.

„עס זיינען אין וואַרשעווער געטאָ דערגאַנגען ידיעות, וועגן די ספּעציעלע „פֿאַרניכטונגס־קאָמאַנדאָ״ אָפּטיילונגען, וועלכע זיינען אָר־גאַניזירט געוואָרן אין דייטשלאַנד, כּדי אויסצוראָטן די יידן. שוין דאַן האָבן מיר זיך געשראָקן פֿאַר אַ מאַסן־דעפּאָרטאַציע, אָדער אין אַנ־דערע ווערטער, פֿאַר אַן אויסמאָרדונג. אין דער זעלבער צייט האָבן מיר זיך דערוואוסט, אַז די געטאָס אין קראָקע און לובלין, זיינען שוין ליקווידירט.

„מיר האָבן זיך אָבער געטרייסט, אַז די וואַרשעווער געטאָ איז צופֿיל באַפֿעלקערט און די דייטשן וועלן ניט קענען ווי געהעריק אָרגאַניזירן אַזאַ דעפּאָרטאַציע־אַקציע.

„אין די יידישע אַרבעטער־קרייזן אין וואַרשע האָט מען אָנגעהויבן רעדן, אַז מען זאָל אָרגאַניזירן אַ ווידערשטאַנד אין פֿאַל פֿון אַ פּאָג־ראָם, אָבער די ברייטע מאַסן פֿון דער באַפֿעלקערונג זיינען געווען אַזוי טעראָריזירט, אַז די דאָזיקע פּראָיעקטן פֿון די ניט־לעגאַלע אַרבעטער־אָרגאַניזאַציעס האָבן ניט געפֿונען קיין אָפּקלאַנג.

„דעם ערשטן צייכן, אַז עפּעס גרייט זיך, האָבן מיר דערזען, ווען דייטשע מיליטערישע פֿילם־אָפּערייטאָרס זיינען אָראָפּגעקומען אין געטאָ, כּדי צו מאַכן אַ בילד, ווי אַזוי יידן לעבט זיך עפּעס. מען האָט אויסגעזוכט די איבערגעבליבענע שענערע וואוינונגען, מען האָט ספּעציעל אָרגאַניזירט אַ „קאַפֿעטעריאַ״ מיט רייך־געדעקטע טישן און אַרום זיי האָט מען באַזעצט אין גאַס געכאַפּטע יִדישע פֿרויען און מענער, וועלכע זיינען געווען בעסער געקליידעט. מען האָט אַפֿילו גע־פֿילמט אַ ספּעציעל טעאַטראַליש־אַראַנזשירטע רייכע לוויה מיט רבנים און דיקע יידן פֿאַרויס, וועלכע האָבן געפֿירט דעם „אָרון״ מיט גרויס פּאָמפּ. גלייך אָבער זיינען די פֿילם־אָפּיצירן געלאָפֿן פֿאָטאָגראַפֿירן די בעטלער, וועלכע האָבן האַלב־נאַקעטע געקרעכצט נאָך אַ שטיקל ברויט. אַרום זיי האָבן זיך געוואַלגערט נאַקעטע טויטע קערפּערס, וועלכע האָבן באַדעקט גאַנצע טיילן פֿון די גאַסן.

דאָס האָט מען צוגעגרייט אַ פֿילם, וועלכער האָט געדאַרפֿט ווייזן די קאָנטראַסטן ביי יידן צווישן אָרעם און רייך, אַז אין דער זעלבער צייט, ווען יידן אין געטאָ „פֿרעסן״ אין רעסטאָראַנען, ליגן אויף די

גאַסן מתים פֿון הונגער געשוואָלענע. דאָס איז געווען אַ פֿיין שטיקל פּראָפּאַגאַנדע, וואָס האָט געדאַרפֿט באַרעכטיקן די פֿאַרניכטונג פֿון אַזאַ „פֿינצטערן" פֿאָלק.

„אין מאַי און יוני, 1942, האָט מען אָנגעהויבן שיסן אין די גאַסן אויף שמוגלערס, וועלכע האָבן מיט סכנת נפֿשות צוגעשטעלט אַביסל שפּייז דער הונגעריקער באַפֿעלקערונג.

„צווישן די טויטע זיינען אויך געווען קריסטן, וועלכע פֿלעגן זיך אַריבערכאַפּן איבערן פּאַרקאַן פֿון דער געטאָ. און אַזוי פֿלעגט יעדע נאַכט איבערבלייבן אין די גאַסן אַרום 50—60 געשאָסענע.

„מ'האָט געלעבט אין גרויס מורא. פּלוצלינג האָבן זיך פֿאַרשפּרייט קלאַנגען, אַז מען וועט אויסקוילענען אַלע קינדער ביז צען יאָר אַלט, און נאָכהער אַלע אַלטע איבער זעכציק יאָר. אָנהויב יולי האָט מען אָנגעהויבן וועקגעגנומען פֿון די אינערלעכע געטאָ־מויערן די פּוילישע וואַך און אַוועקגעשטעלט ליטווינער און אוקראַינער. ביי די אויסערלעכע טויערן זיינען געבליבן שטיין די דייטשע שטורמיסטן. דאָס איז געווען אַ שלעכטער אָנזאָג.

„דער פּרעזידענט פֿון געטאָ, טשערניאַקאָוו, איז אַ באַאומרואיקעטער גלייך אַוועקגעלאָפֿן צום דייטשן קאָמיסאַר איבער די יידישע ענינים, אויערוואַלד, און געפֿרעגט צי איז אמת, אַז מען קלייבט זיך אַוועקפֿירן די יידן פֿון דער געטאָ. דער קאָמיסאַר אָבער האָט דאָס קאַטעגאָריש געלייקנט. דאָס איז געווען דעם 22טן יולי, אָבער שוין אויף מאָרגן האָט דער זעלבער קאָמיסאַר גערופֿן טשערניאַקאָוון און עס איז פֿאַרגעקומען דער טראַגישער געשפּרעך וועגן דעם, אַז די יידישע קהלה זאָל אַרויסגעבן פֿון געטאָ אייניקע טויזנט יידן יעדן טאָג. ניט אַלע איינצלהייטן פֿון דעם געשפּרעך זיינען באַקאַנט, אָבער שוין אין אָוונט איז טשערניאַקאָוו אַוועק צו זיך אַהיים און זיך געסמט, איבערלאָזנדיק בריוו צו דער פֿאַמיליע און צו די יידן פֿון דער וועלט.

„נאָך זיין טויט איז פּרעזידענט פֿון דער קהלה געוואָרן מאַרעק ליכטענבוים (מען האָט אים דערשאָסן בעת דעם אויפֿשטאַנד אין אַפּריל, 1943). אַ העלפֿט קהלה־מיטגלידער זיינען אַרעסטירט געוואָרן. די דייטשן זיינען אַריין אין רציחה צוליב טשערניאַקאָווס דעמאָנסטראַטיוון זעלבסטמאָרד. דעם זעלבן טאָג זיינען אין גאַס צעקלעפּט געוואָרן די אַפֿישן מיט דעם אָפֿיציעלן אָנזאָג, אַז אַלע יידן וועלן אַרויסגעשיקט ווערן פֿון וואַרשע מיטן אויסנאַם פֿון די, וואָס אַרבעטן אין דייטשע פֿאַבריקן, אין די קהלה־אָפֿיסעס, אָדער אין די יידישע פּאָליציי. אַלס שעף פֿון דער יידישער פּאָליציי איז באַשטימט געוואָרן דער משומד

שערינסקי, וועלכער האָט אַמאָל פאַרנומען אַ הויכע שטעלונג אין דער פוילישער פאָליציי. דער דאָזיקער שערינסקי איז פריער געווען אַרעסטירט דורך די דייטשן, ווייל ער האָט אַרויסגעשמוגלט צירונג און פוטערס פון געטאָ. איצט אָבער האָט מען אים באַפרייט, כדי ער זאָל קענען מיטהעלפן די ליטווינער און אוקראַינער. דאָס איז געווען אַ טייוולאַנישער פּלאַן, ווייל פון אָנהייב האָבן די דייטשן ניט געוואָלט באַשמוצן זייערע הענט מיטן קומענדיקן בלוט-באָד. אָבער אַן אָפּטיילונג פון דייטשע שטורמיסטן האָט פאַרנומען דאָס הויז אויף לעשנאָ 22, כדי צו קאָנטראָלירן, ווי אַזוי עס זאָל צוגיין דאָס כאַפּן פון די מענטשן אויף די גאַסן.

„אין די ערשטע טעג האָט מען ‚אָפּגערייניקט׳ די אָרעמע, שמוציקע קוואַרטאַלן אויף מילע, ניזקע און אַסטראָווסקע גאַסן. דאָרט האָט געוואוינט דאָס אָרעמקייט, אָנגעלאָפענע פון די פּראָווינץ-שטעטלעך. מען האָט זיי אַלעמען אַוועקגעטריבן צום אַזוי גערופענעם ‚אומשלאַגס-פּלאַץ׳ אויף סטאַווסקי גאַס, נעבן אַמאָליקן יידישן שפּיטאָל. דאָרטן זיינען געשטאַנען פּראַכט-וואַגאָנעס, וואו מען האָט אַריינגעפּאַקט צו 120 מענטשן, די וואַגאָנעס פאַרחתמעט און אַוועקגעשיקט אין אַן ‚אומבאַוואוסטער ריכטונג׳. דער קהלה און פאָליציי האָט מען געהייסן זאָגן, אַז די יידן גייען אַוועק קיין בריסק.

„אין געטאָ איז געוואָרן אַ שרעקלעכע פּאַניק. מענטשן זיינען געלאָפן איבער די גאַסן מיט פּעקלעך אין די הענט, וועלנדיק אַזוי אַרום אויסמיידן די ‚דעפּאָרטאַציע׳.

„די לאַגע איז געוואָרן נאָך שרעקלעכער צוליב דעם הונגער, וועלכער האָט אַלעמען געמאַטערט, ווייל עס האָט אויפגעהערט דאָס אָפיציעלע פאַרטיילן פון שפּייז און שמוגלען פון דרויסן האָט מען שוין ניט געקענט.

„מען האָט געצאָלט משוגענע פּרייזן פאַר אַ פּאַפּירל פון אַ דייטשן וואַרשטאַט, אַז מען אַרבעט. אָבער עס האָט אָנגעהאַלטן נאָר דריי טעג, שפּעטער האָט מען שוין געכאַפּט אַלעמען. אַפילו מיט פּאַפּירלעך, אַז מען אַרבעט,אַפילו די באַאַמטע פון קהלה-ראַט, כאָטש אָפיציעל האָבן זיי געזאָלט בלייבן.

„מ׳האָט אָנגעהויבן ‚בלאָקירן׳ באַזונדערע הייזער, אָפּשליסנדיק זיי מיט פּאָליציי, און געכאַפּט אַלט און יונג. נאָר די, וואָס האָבן געהאַט ווערטפולע חפצים האָבן זיך אין דער ערשטער צייט געקאָנט אויס-קויפן. אַריינשטופנדיק זיי אין ‚יד׳ פון פּאָליציאַנט.

„אין אויגוסט האָט מען אָנגעהויבן ‚בלאָקירן' אויף אַזאַ אופן די גאָוואַליפּקי גאַס. דאָס מאָל זיינען שוין די דייטשע שטורמיסטן געגאַנגען אין דער שפּיץ פון די ליטווישע און אוקראַינישע אַפּטייַלונגען. מען איז געגאַנגען און געשאָסן אויף רעכטס און אויף לינקס. אין די דאָזיקע טעג האָט מען מער ווי אַלץ געכאַפּט קינדער און אַלטע לייט. אַ טייל פון זיי האָט מען דערשאָסן יעדן טאָג אויפן גענשער בית־עולם.

„די גרעסטע טייל האָט מען געפּאַקט אין די וואַגאָנעס און געשיקט ‚קיין בריסק'. וואוינונגען זיינען געבליבן שטיין אָפן, טיר און פענצטער, אַלץ וואָס דאָרט איז געווען, האָט מען שפּעטער אַוועקגערויבט. גאַנצע גאַסן זיינען אויף אַזאַ אופן סיסטעמאַטיש אויסגעליידיקט געוואָרן. דאָ און דאָרט האָט מען געזען בלאָנדזשענדיק אַן איינזאַם הונגעריק קינד, וועלכעס האָט זיך צופעליק אויסבאַהאַלטן אין אַ קעלער און געוואַנדערט זוכנדיק און וויינענדיק.

„אין די ערשטע צוויי וואָכן פון אויגוסט זיינען אַזוי אַרום ‚ליקווידירט' געוואָרן איבער 100 טויזנט יידן.

„דעם 16טן אויגוסט איז פאָרגעקומען די טראַגעדיע אין גרויסן יתומים הויז אויף קראָכמאַלנע גאַס. מען איז דאָרט געקומען צונעמען די איינציקע הונדערט יתומים און דערביי האָט מען געוואָלט איבערלאָזן דעם דירעקטאָר יאַנוש קאָרטשאַק (ד"ר גאָלדשמידט, דער גרויסער יידישער ספּעציאַליסט אויף קינדער־דערציאונג, אַ באַקאַנטע פּערזענלעכקייט אין גאַנץ פּוילן).

„ד"ר קאָרטשאַק האָט זיך אָפּגעזאָגט פון דער פּריווילעגיע און נעמענדיק צוויי קראַנקע קינדערלעך אויף די הענט איז ער געגאַנגען אין דער שפּיץ פון דער יתומים־פּראָצעסיע אין דער ריכטונג צו די טויטן־וואַגאָנעס אויף סטאַווקי.

„נאָכהער זיינען אָנגעקומען ידיעות, אַז די וואַגאָנעס דערפאָרן נאָר ביז טרעמבלינקע, אויפן וועג קיין ביאַליסטאָק און דאָרט ווערן אַלע פאַרשפּאַרט און דערשטיקט אין די גאַז־קאַמערן.

„יעדער אין געטאָ האָט געוואָרט אויף זיין רייע און דערווייל האָט מען געצאָלט גרויסע סומעס געלט, כדי זיך אַריינצובאַקומען אַלס אַרבעטער אין די דייטשע פאַבריקן פון טאַבענס, שולץ, צאַרינג א"אַ. אַ קליינער טייל האָט ריזיקירט דעם לעבן און מיט דער הילף פון קריסטלעכע פריינד זיך אַרויסגעראַטעוועט פון געטאָ.

ענדע אויגוסט האָט מען אָנגעהויבן בלאָקירן די גאַסן פון דעם אַזוי גערופענעם „אַריסטאָקראַטישן" געטאָ־טייל. דאָס זיינען די גאַסן

פון שעננאַ ביז עלעקטראַלנע. דאָ האָט מען אַן רחמנות געשאָסן יעדן, וועלכער האָט זאָפאָרט ניט פאַרלאָזן זיין וואוינונג און זיך איינגעשטעלט אין דער רייע, וועלכע האָט געדאַרפט גיין צו די וואַגאָנעס. דאָ זיינען פאָרגעקומען אומבאַשרייבלעכע סצענעס פון גרויזאַמען שרעק. מען האָט געהאַלטן פאַר גליקלעכע די יעניקע, וועלכע האָבן געהאַט מיט וואָס צו באַגיין זעלבסטמאָרד.

„נאָך הונדערט טויזנט יידן זיינען אויף אַזאַ אופן אַוועקגעשיקט געוואָרן אויף אַ זיכערן טויט.

„דעם 28טן אויגוסט האָט אַ יידישער יונגערמאַן געשאָסן אויפן שעף פון דער יידישער פאָליציי, שערינסקי, וועלכער האָט זיך אויס־געצייכנט מיט זיינע גרויזאַמקייטן און האָט אים שווער פאַרוואונדעט. דאָס האָט נאָך פאַרערגערט די לאַגע און טויזנטער האָבן באַצאָלט מיט זייערע לעבנס, צווישן זיי מיין ווייב און אַ קליין יינגעלע.

„איצטער ווען איך שרייב די שורות גייט נאָך אָן דער פּאָגראָם אין 'געטאָ', דער שרעקלעכסטער אין דער מענטשלעכער געשיכטע".

12טן סעפּטעמבער, 1942 ערגעץ וואו אין פוילן.

— (חתימה)

## ד.

**אַ מיידל וואָס האָט זיך געראַטעוועט פון פוילן גיט איבער גרוילהאַפטע פּרטים ווי אַזוי די נאַצים האָבן פאַרניכטעט דעם גרויסן יידישן צענטער * דייטשע אינסצעניזאַציע פון יידישער אויסגעלאַסנקייט * די שרעקלעכע נאַכט פון 25טן אויגוסט 1942 * ס'זיינען נישט בלויז שטורמיסטן נאָר דייטשע סאָלדאַטן * ווייטערדיקע באַגלייבטע דאָקומענטן און פּראָטאָקאָלן.**

נאָך דעם ווי פריילין א. איז געראַטעוועט געוואָרן פון וואַרשעווער געטאָ, האָט זי אַ גאַנצע וואָך ניט געקענט רעדן און דערציילן. שפּעטער האָבן מיטאַרבעטער פון דער פּוילישער אונטערערדישער באַוועגונג פאַרשריבן איר עדות־זאָגן.

אייניקע פאַקטן זיינען די זעלבע, וועלכע עס האָט געבראַכט דער געלערנטער ב. וועמענס ווערטער מיר האָבן אויבן פאַרעפנטלעכט. דאָס פאַרשטאַרקט נאָך דעם דאָקומענטאַלן כאַראַקטער פון די פּראָטאָקאָלן.

דער פאָלגנדיקער באַריכט איז צוזאַמענגעשטעלט געוואָרן דעם 7טן סעפּטעמבער 1942 „ערגעץ וואו אין אָקופּירטן פוילן":

„אַ דאַנק אייניקע פֿריינד־פּאָליאַקן, האָב איך זיך, ווי דורך אַ נס, אַרויסבאַקומען פֿון די וואַרשעווער געטאָ־ווענט. אויף דער ביטע פֿון מײַנע פֿריינד דיקטיר איך דאָס, וואָס איך האָב אַליין געזען, געהערט פֿון אַנדערע און איבערגעלעבט אין דעם לעצטן, שרעקלעכן צײַט־אָפּשניט פֿון מײַן לעבן אין וואַרשעווער געטאָ.

„שוין אייניקע מאָנאַטן פֿריער, איידער עס האָט זיך אָנגעהויבן די מאַסן־אַרויסשיקונג פֿון געטאָ, האָבן זיך צו אונז דערטראָגן קלאַנגען, אַז מען ליקווידירט עפּעס אויף אַ שרעקלעכן אופֿן די געטאָס אין לאָדזש, קראָקע און ספּעציעל לובלין.

„ניט אַלע האָבן די דאָזיקע שרעקלעכע אינפֿאָרמאַציעס געגלייבט — און די פֿון אונז, וואָס האָבן יאָ געגלייבט, האָבן געהאַלטן, אַז אין אַזאַ גרויסער שטאָט ווי וואַרשע, אויף וועלכער עס זײַנען געווענדעט די אויגן פֿון דער גאַנצער וועלט, וועלן זיך די נאַציס ניט דערלויבן באַנוצן די זעלבע פֿאַרניכטונגס־מעטאָדן, ווי אין די פּראָווינציעלע שטעט. אַ קליינער טייל אָבער האָט יאָ געגלייבט — איבערהויפּט די ספֿערן פֿון דער אַרבעטער־יוגנט, און געוואָרנט מען זאָל זיך גרייטן צו אַ פֿאַרשטייענדיקער קאַטאַסטראָפֿע.

דער אָפּטימיזם פֿון די יידן אין געטאָ האָט זיך איבערהויפּט דער־קלערט מיט דער גרויסער אומבאַהאָלפֿנקייט, וואָס אַלע האָבן געפֿילט. די ידיעות פֿון די גרויסע און קלענערע פּראָווינץ־שטעט אָבער זײַנען געוואָרן אַלץ פּינצטערער און מיר האָבן שוין אָנגעהויבן פֿילן, אַז דער שטורעם דערנענטערט זיך.

„דערווײַל האָבן מיר איבערגעלעבט די פֿילם־סענסאַציע. דײַטשע מיליטער־לײַט האָבן געכאַפּט אין די גאַסן שיין־געקליידעטע יידישע פֿרויען — מערסטנטייל זײַנען דאָס געווען פּערזאָנען מיט אַ זייער צווייפֿלהאַפֿטער רעפּוטאַציע — און זיי צוזאַמען פֿילמירט מיט בעסער אויסזעענדיקע מענער אין ספּעציעל דראַסטישע פּאָזעס. מען האָט אַזעלכע גרופּעס פֿרויען און מענער געהייסן לאַכן אויפֿן קול, אָפּשטופּן מיט די פֿיס די טויטע קערפּערס, וואָס זײַנען געלעגן אין די גאַסן, מען האָט אַפֿילו געהייסן אַ בריקע טאָן אַזאַ מת מיטן פֿוס, אָדער מיט אַ שטעקן; נעבן אַ גרופּע נאַקעטע, אויסגעדאַרטע קערפּערס, וועלכע זײַנען געלעגן אין אַ ווינקל פֿון גאַס, האָט מען אָוועקגעשטעלט טישן מיט גוטע שפּייזן און געהייסן די געכאַפּטע יידן דאָרטן עסן און זיך משמח זײַן.

„אין דער וואוינונג פֿון קהלה־ראַט מיטגליד ל., — די שענסטע מעבלירטע וואוינונג אין געטאָ (דער דאָזיקער ראַט־מיטגליד איז שוין

איצט אַ געשאָסענער), האָט מען געבראַכט שאַמפּאַניער, ווײַן און מײַד־לעך, אַנגעטאָן ווי קעלנערינס. געכאַפּט אין גאַס דיקלעכע ייִדן און שוין אויבנדערמאָנטע ׳לוסטיקע פּרויען׳, האָט מען אַרומגעזעצט אַרום די רײַך־געדעקטע טישן און פֿילמירט. דאָס האָט געדאַרפֿט ווײַזן פֿאַר דער געשיכטע די פֿאַרדאָרבנקייט פֿון פֿאָלק ישראל, ווען מענטשן ׳רײַכע׳ שיכורן און הוליען, ווען די אָרעמע שטאַרבן פֿון הונגער אין די גאַסן.

„אַמשרעקלעכסטן איז געווען די פֿילם־סצענע, וועלכע די דײַטשן האָבן געמאַכט אין דער גרויסער מקוה אויף צעגלאַנאַ גאַס: דאָרט האָט מען אַנגעיאָגט צענדליקער יונגע מיידלעך און עלטערע חסידישע ייִדן מיט לאַנגע בערד, געהייסן זיי אַלעמען זיך אויסטאָן נאַקעט און טאַנצן אין דעם מקוה־באַסיין. דאָס האָט געזאָלט ווײַזן אַ ׳רעליגיעז׳ בילד פֿון דער ייִדישער געטאָ.

„גאַנצע נעכט פֿלעגן אונז וועקן שיסערייען. אין דער פֿרי פֿלעגט מען געפֿינען אין די גאַסן צענדליקער געשאָסענע, מערסטנטייל ייִדן און פּאָליאַקן, וועלכע האָבן אונטערן שוץ פֿון נאַכט, געוואָלט אַרײַנ־שמוגלען אַביסל שפּײַז אין געטאָ.

„דעם 30טן יוני האָבן די דײַטשן פֿאַראָרדנט, אַז אויפֿן גענשער ייִדישן בית־עולם זאָל מען אויסגראָבן אַ קבר פֿאַר 200 מענטשן. מען האָט דאַן געשאָסן אויפֿן בית־עולם און דאָרט באַגראָבן 190 מענער און 10 פֿרויען, וועלכע מען האָט באַשולדיקט אין ברענגען אומ־לעגאַל שפּײַז אין געטאָ. צווישן די געשאָסענע זײַנען געווען 10 ייִדישע פּאָליציאַנטן, וועלכע האָבן זיך ׳קעגנגעשטעלט׳ פֿאַראָרדענונגען.

„זונטאָג, דעם 19טן יולי, איז אין געטאָ פּלוצלינג אויסגעבראָכן די גרויסע פּאַניק. מען האָט זיך דערוואוסט, אַז מען דרוקט שוין די פֿאַראָרדענונג וועגן איבערפֿירן די ייִדן אויף ׳מזרח׳... דינסטאָג, דעם 21טן יולי, האָט מען אַרעסטירט אַלע מיטגלידער פֿון קהלה־ראָט. די געבײַדע אויף גזשיבאָווסקע איז פֿאַרנומען געוואָרן פֿון דײַטשער פֿעלד־זשאַנדאַמעריע.

עס האָט זיך אָנגעהויבן די ׳בלאָקאַדע׳ פֿון גאַנצע גאַסן. יעדעס הויז פֿלעגט אַרומגערינגלט ווערן פֿון ייִדישער פּאָליציי. דײַטשן און ליטווינער זײַנען אַרײַן אין די הויפֿן און מיט שיסערייען אַראָפּגעטריבן אונטן אַלע אײַנוואוינער. שפּעטער האָט מען באַזוכט די וואוינונגען, בוידעמס און קעלערס, און די וואָס מען האָט דאָרט געפֿונען, האָט מען אויפֿן אָרט דערשאָסן. די אַנגעזאַמלטע אויף די הויפֿן האָט מען אַרויסגעפֿירט אויפֿן גאַס, פֿאַראייניקט מיט אַנדערע פּאַרטיעס און געיאָגט צום איבערלאָדונגס־פּלאַץ אויף סטאַווקי גאַס, וואו מען האָט

אַלעמען געשטופּט אין פראַכט־וואַגאָנעס: צו 100־120 מענטשן אין אַ וואַגאָן. איך אַליין האָב געזען, ווי מען האָט פאַלנדיקע פרויען געשלעפּט פאַר די האָר, פאַר די הענט און פיס און געיאָגט זיי שיסנדיק.

„אָפיציעל האָט מען געמעגט מיטנעמען 15 קילאָגראַם באַגאַזש, פאַקטיש אָבער האָט מען געכאַפּט די מענטשן אַט אַזוי ווי זיי שטייען און גייען. אויב ווער האָט יאָ געהאַט אַ פּעקל, האָט מען דאָס שפּעטער אָפּגענומען אויפן ׳פונקט׳. אַט אַזוי האָט מען אַרויסגענומען פון געטאָ 15־20 טויזנט מענטשן אַ טאָג.

„אויפן דריטן טאָג פון דער דאָזיקער אַקציע האָט זיך געסמט דער פּרעזידענט פון דער קהלה א. טשערניאַקאָוו.

„לויט די ידיעות, וועלכע איך האָב באַקומען פון אַ געמיינזאַמען פריינד, וועלכער האָט פּערזענלעך געלעזן טשערניאַקאָווס לעצטן בריוו, האָט מען פון אים געפאָדערט ער זאָל אַרויסגעבן אויף ׳ליק־ווידאַציע׳ די קינדער פון די יתומים־הייזער אין דער צאָל פון איי־ניקע טויזנט. זיין ווייב איז אין טאָג פון זעלבסטמאָרד געווען אַרעס־טירט אַלס אַ משכן.

„נאָך דעם זיינען געקומען די טעג פון אַ ווילדן געיעג אויף מענטשן, אָן אונטערשייד, צי זיי אַרבעטן, אָדער ניט. איך ווייס פון פאַקטן, ווען מען האָט געכאַפּט יונגעלייט, ערשטקלאַסיקע טעכנישע ספּעציאַליסטן — און אַוועקגעשיקט אין דער ׳אומבאַוואסטער ריכטונג׳. געווען טעג, ווען מען האָט די טויזנטער אויפגעזאַמלטע אויף אַזאַ אופן מענטשן, באַפוילן לויפן און די ,וואָס זיינען אָפּגעשטאַנען, האָט מען געשאָסן.

„געווען פיל פאַלן, ווען מען האָט אין די הייזער צוגענומען די קינדער, ווען די עלטערן האָבן געאַרבעט אין די פאַבריקן. איך האָב יעדן טאָג געזען דעם צער און געהערט די געשרייען פון אַזעלכע מאַמעס און טאַטעס, וועלכע האָבן זייערע קינדער אין שטוב ניט געפונען.

„איך אַליין האָב איבערגעלעבט אַן אומגעוויינטלעכע נאַכט דעם 25טן אויגוסט, ווען אין פאַבריק, וואו איך האָב געאַרבעט, זיינען אַריינגעלאָפן שטורמיסטן מיט אַ געוואַלד, אַז מען האָט געשאָסן פון פענצטער. אַלע אַרבעטערינס האָט מען אַוועקגעשטעלט אויף די קני אונטער אַ וואַנט און געהייסן זיך ניט רירן.

„אַנטקעגן אונז זיינען געשטאַנען זעלנער מיט אָנגעשטעלטע מאַשין־ביקסן. עס איז געגאַנגען צו באַטאַנען, אַז די זעלנער האָבן זיך דריי מאָל געביטן דורך דער נאַכט און מיר האָבן געמוזט בלייבן אומבאַוועגלעך.

„איך קען פשוט ניט באַשרייבן וואָס עס האָט זיך געטאָן אויפֿן איבערלאָדונגס־פּלאַץ אויף סטאַווקי גאַס.

„מיר האָבן ביז אַהער איבערגעלעבט שרעקלעכע זאַכן: ניט געווען וואָס צו עסן, וואו צו שלאָפֿן, שטענדיק דער שאָטן פֿון טויט איבערן קאָפּ, — אָבער דאָרטן אויפֿן פּלאַץ? דער מענטש הערט אויף צו זיין אַ מענטש, אַפֿילו ניט קיין חיה, — ער איז נאָר אַ פּעקל שמאַטעס, וועלכן מען האָט באַשטימט צו פֿאַרברענען. די דייטשן שיסן נאָכ־אַנאַנד און שלאָגן.

„קינדער, קראַנקע, אַלטע, ווערן צעטראָטן אויף טויט. מען קריכט טיף אין מענטשלעכע צואה... יעדע צען מינוט ברעכט אויס אַ נייע פּאַניק צווישן די טויזנטער אַנגעזאַמלטע קרבנות, — און אַזוי יעדן טאָג.

„אַמאָל גיט זיך עמעצן איין אונטערצוקויפֿן די וואַך, באַצאָלנדיק מיט די לעצטע גאָלדענע אָדער אַנדערע חפֿצים. אָבער וואָס איז די פּעולה? אין איניקע טעג אַרום ברענגט מען אים ווידער שוין איינגאַנצן אָן מיטלען.

„מיך אַליין האָבן אויף אַ קאָמפּליצירטן אופֿן — אַלס אַ טויטע — אַרויסגעראַטעוועט פּוילישע פֿריינד. דורך האַלב פֿאַרשלאָסענע אויגן האָב איך געזען, ווי מען האָט אין דעם דאָזיקן גיהנום גע־בראַכט איניקע הונדערט קינדער.

געצייכנט א.

אונטערגעשריבן 2 עדות

צו דעם דאָזיקן פּראָטאָקאָל איז נאָך צוגעגעבן אַ זייטל מיט פֿאָל־גנדיקע איינצלהייטן:

1. דעם 20טן אויגוסט האָט זיך אין הויז אויף נאַוואָליפּקי, ראָג קאַרמעליצקע, אַריינגערים אַ באַנדע שטורמיסטן און אויפֿן 4טן שטאָק געזוכט אַ געוויסן פּערזאָן. זיי האָבן אָבער די פּערזאָן ניט געטראָפֿן און דעריבער זיך נוקם געווען אָן אַן אַלטיטשקן, וועלכן זיי האָבן אין דער וואוינונג געפֿונען. ער איז געווען פּאַ־ראַליזירט און געזעסן אין שטול. מען האָט אים צוזאַמען מיטן שטול אַרויסגעוואָרפֿן פֿון פֿענצטער און בעת ער איז געפֿאַלן, האָט מען געשאָסן אין אים פֿון רעוואָלווערן. שפּעטער זיינען די שטורמיסטן אַראָפּ אויפֿן הויף און באַטראַכטנדיק דעם קערפּער, זיך געקריגט, ווער פֿון זיי איז אַ בעסערער שיסער.

2. ספּעציעלע פּראָטאָקאָלן זיינען פֿאַרשריבן געוואָרן, ווען אין צענדליקער פֿאַלן האָבן דייטשן אין מיליטערישער אוניפֿאָרם,

אַרויסגעריסן קליינע קינדער פֿון זייערע מוטערס הענט און געטויט די קינדער פֿאַר די אויגן פֿון זייערע מאַמעס — קלאַפּנדיק מיט זייערע קעפּלעך אין שטיינערנעם ברוק. די נעמען פֿון די מוטערס זיינען פֿאַרשריבן געוואָרן.

3. דעם 28טן אויגוסט 1942, איז אַ גרופּע אַרבעטער געגאַנגען אויף לעשנאָ גאַס, אַלע האָבן זיי געהאַט די נויטיקע ערלויבע־נישן, ווייל זיי זיינען געווען באַשעפֿטיקט אין אַ דייטשער פֿאַבריק. צווישן די אַרבעטער איז געגאַנגען אַ יונגע מוטער מיט אַ צוויי־יאָריק קינד אויף די הענט. זי האָט אין יענע שרעקלעכע טעג, ווען מען האָט אויסגעליידיקט גאַנצע גאַסן, מורא געהאַט צו לאָזן דאָס קינד אויף די הענט פֿון שכנים, דעריבער האָט זי דאָס קינד מיטגענומען אין פֿאַבריק אַריין.
אויף ראָג זשעלאַזנע גאַס איז די גאַנצע גרופּע פֿאַרהאַלטן געוואָרן דורך דייטשע זשאַנדאַרמען, וועלכע האָבן געהיט דעם טויער פֿון געטאָ. די פּרוי איז אָפּגעטיילט געוואָרן פֿון דער גרופּע. אַ זשאַנדאַרם האָט אַרויסגענומען אַ רעוואָלווער און מיט אַ טרעפֿ־לעכן שאָס דערהרגעט דאָס קינד אויף דער מוטערס הענט...
דאַן האָט ער זיך געווענדעט צו דער גרופּע, צווישן וועלכע עס איז געשטאַנען די פֿאַרגליווערטע מוטער מיטן טויטן קינד אויף אירע הענט:
„זאָ, יעצט איז עס אין אָרדענונג! אָפּמאַרשירן!...“

## ה.

### אַ ניט־יידישער עדות, וועלכער געפֿינט זיך איצט אין אַמע־ריקע, גיט איבער איינצלהייטן וועגן דער שחיטה שטאָט טרעמבלינקע * אַ שילדערונג פֿון דער וואַרשעווער געטאָ נאָכדעם ווי זי איז אויסגעליידיקט געוואָרן

ס'האָט זיך אַזוי געמאַכט, אַז גראַד תשעה באָב האָב איך גערעדט מיט איינעם, וואָס איז אַליין געווען אין איינעם פֿון די שרעקלעכע מאָרד־פֿאַבריקן אין פּוילן, וואו די נאַציס פֿאַרניכטן אויף אַ סיסטעמאַ־טישן אופֿן אונזערע ברידער און שוועסטער.

דער מאַן — אַ קריסט — איז איינער פֿון די העלדן, וועלכע קעמפֿן אין דער אונטערערדישער באַוועגונג. ער איז נאָך גאַרניט לאַנג געווען אין פֿיל שטעט פֿון פּוילן און צוליב אַ רייע סיבות האָט ער געהאַט די מעגלעכקייט זיך צו באַוועגן גאַנץ פֿריי.

מיין געשפּרעך מיט אים האָט אייגנטלעך געדאַרפט פאַרקומען ערגעץ אין אַ קליינשטעטלדיקן בית־המדרש, צווישן שאָטנדיקע ווענט, צווישן באָבערדלטע יידן מיט טרויער דורכגעזאַפּטע פּנימער — יידן וואָס זיצן אויף דער ערד און זאָגן קינות.

דער אינהאַלט פון געשפּרעך איז געווען דער גרעסטער וויי־געשריי פון אַלע צייטן און אַפילו דער מעכטיקער עפּאָס פון ירמיהוס איכה און די טיפע טרויער־טענער פון אלי־ציון זיינען תשעה באָב אָוונט, געוואָרן בלאָס פאַר מיר.

איניקע טעג פריער האָב איך געלייענט אַ פּאַק דאָקומענטן און רעפּאָרטן געשריבן פון באַקאַנטע, גלויבנסווירדיקע מענטשן — צווישן זיי פון יידן, וועמענס נעמען זיינען באַוואוסט אין דער וועלט. איך לייענט די באַריכטן מיט אַ פאַרכאַפּטן אָטעם, אָבער נאָך אַ שעה צוויי מוזט איר איבעררייסן — ווייל עס הייבט אָן מישן אין קאָפּ און עס ווערט אייך פינצטער אין די אויגן...

אָפטמאָל שרייט מען אויס צו זיך אַליין. ניין! ניין! עס קאָן דאָך ניט זיין!

אָבער ווידער אַ קוק אין די רעפּאָרטן: גענויע דאַטעס, פּלעצער, ציפערן, אַדרעסן און איבער אַלץ, נעמען פון פּערזאָנען, וועלכע זיינען מיט דיר צונויפגעוואַקסן געווען פאַר צענדליקער יאָרן און אַזוי שוידערלעך־ברוטאַל אָוועק פון דער וועלט.

נאָך די אַלע איוב־בשורות און טראַץ דעם האָבן מיר אונזער גאַנצן גלויבן, אַז גאָר אין גיכן וועט די אונטערערדישע אייראָפּע אָנהייבן זינגען דאָס ליד פון נצחון און מיר וועלן דאָס קענען מיטזינגען. אָבער ביז די דאָזיקע זון וועט אָנהייבן שיינען מוזן מיר וויסן דעם אמת, אָדער ווייניקסטנס אַ טייל פון אמת.

*

* *

אָט איז אַ בילדל אין רעפּאָרט ווי אַזוי די יידישע געטאָ אין וואַרשע האָט אויסגעזען נאָכדעם ווי די יידן זיינען פון דאָרט אַרויס־געשיקט געוואָרן צו די שרעקלעכע גאַז־קאַמערן פון לאַגער אין טרעמבלינקע:

„אין אַ שיינענדיקער זון פון אַן אומפאַרגלייכלעכן פּוילישן פרי־לינגס־טאָג זעען מיר שניי־באַדעקטע גאַסן. דאָס איז אָבער ניט קיין שניי. דאָס זיינען פוך און פעדערן פון יידישן בעטגעוואַנד, וועלכער איז דאָ איבערגעלאָזן געוואָרן צוזאַמען מיט שאַפעס, וואַליזעס, מיט קאָמאָדעס פול מיט וועש, מיט שענק פול מיט קליידער, מיט טעפּלעך,

שיסעלעך און אַנדערע קיך־באַלעבאַטישקייטן. הפקר, ,אַלץ איז הפקר! טישטעכער, קינדערשע וויגלעך און צעבראָכענע בעטן. אַלץ ליגט אין די וואוינונגען, אין די הייזער פון וואַרשע אָן אַ בעל־הבית. אַלץ איז צוגעדעקט מיט די פעדערן פון די צעריסטענע פעריגעס און קישנס. דאָס איז געבליבן נאָך די 400 טויזנט יידן, וועלכע מען האָט אין די לעצטע חדשים, — טאָג־איין, טאָג־אויס אַוועקגעשיקט צו דער מאַסן־שחיטה אין טרעמבלינקע.

„אומהיימלעך שטיל זיינען די גאַסן. די שטילקייט ווערט איבער־געריסן פון רעוואָלווער־שאָסן, אָדער פון כוליגאַנעס, ,וואָס ברעכן מיט אייזערנע לאָמעס די טירן און פענצטער.

„אין אַנדערע גאַסן רוימט מען אויף דאָס איבערגעבליבענע ביסל יידן. כריפּנדיקע, שכורע שטימען שרייען אין די הויפן: „אַללע יודען ראַאוס!” עס הערן זיך די שטימען פון דייטשע שטורמיסטן אוקראַינישע, לעטישע און ליטווישע יונאַקעס. און צווישן זיי עלנטע גרופּעס פון אַלטע יידן, פרויען, קינדער; אַנדערע, האַלב־אָנגעטוענע, אַרויסגע־נומען פון די בעטן; די קינדער — כמעט שטענדיק באָרוועסע, וויי־נענדיקע.

„דאָס ווערן אַלע געיאָגט אויף סטאַווקי גאַס, צו דער באַן־סטאַנציע, וואו עס וואַרטן שוין אויף זיי 60 וואַגאָנעס פון בהמות, אין וועלכע מען וועט זיי באַלד איינפּאַקן...

„אין יענע טעג צאָלט מען גאָר הויכע פּרייזן פאַר אַ קליינעם פּעקעלע „וועראָנאַל”, פאַרן סם, וועלכן מען נעמט פאַרן שלאָף און מען כאַפּט זיך שוין מער ניט אויף... אָבער אַלע אַפּטייקן זיינען געשלאָסן, און נאָר דורך אַ קריסטלעכן פריינד אויסער דער געטאָ קאָן מען באַקומען דעם מיטל וואָס באַפרייט אויף אייביק פון יסורים און חרפּות.

„אַ גרויסער טייל זוכט דעם טויט דורך דערשאָסן ווערן אויפן אָרט, אַבי אויסצומיידן די לאַנגע אַגאָניע פון דער דעפּאָרטאַציע.

„איך האָב פאַר זיך אַ רייע סטאַטיסטישע ציפערן, וועלכע ווייזן וויפיל פון אונזערע מאַרטירער זיינען יעדן טאָג דערשאָסן געוואָרן, אָדער זיך אַליין געטויט: פון 4517 פאַררעגיסטרירטע וואַרשעווער טויטע אין די לעצטע צען טעג פון סעפּטעמבער 1942, זיינען 2,305 ד”ה 51 פּראָצענט, דערשאָסן געוואָרן אין די הייזער און אין די גאַסן פאַר קעגנשטעלן זיך די דייטשן, און 155, ד”ה 3,5 פּראָצ. האָבן אַליין געמאַכט מיט זיך אַ סוף.

„דאָס ביסל יידישע פּאָליציאַנטן האָט מען דאַן דערלויבט צו בלייבן אין געטאָ, אָבער אונטער אַ שרעקלעכן באַדינג: אויב זיי ווילן האָבן מיט זיך זייערע ווייבער און קינדער, מוזן זיי דערפאַר פערזענלעך ברענגען זייערע אַלטע עלטערן צו דער דעפּאָרטאַציע.

„און אַזוי האָט עס זיך איבערגעחזרט צוויי מאָל אַ טאָג: פון זעקס ביז צען טויזנט יידן פלעגן יעדן טאָג אַריינגעפּאַקט ווערן צו 100 און 120 אין אַ וואַגאָן; אין דריי שעה אַרום זיינען זיי שוין געוועזן אויף דער סטאַנציע מאַלקין, צווישן וואַרשע און ביאַליסטאָק. פון דאָרט ווערן די וואַגאָנעס פאַרקערעוועט אָן אַ זייט, אייניקע מייל לינקס, צום דאָרף טרעמבלינקע. דאָרטן ווערן אַלע אויסגעלאָדעוועט.

„אומדערוואָרטעט פאַר זיי, ווערן זיי באַגעגנט מיט פריינדלעכע באַגריסונגען פון דער גרופּע שטורמיסטן אין וועלדל לעבן דאָרף. מען שרייט אויס צו זיי אין פּויליש, אָדער אָפילו אין יידיש: „מאַכט זיך באַקוועם; איר וועט דאָ אָביסל אָפּרוען און דערנאָך וועלן מיר אייך שיקן אויף אַרבעט ווייטער קיין מזרח; איר דאַרפט זיך נאָר לאָזן דעזינפעקצירן אין דער באָד און אויך די זאַכן אויסרייניקן”.

„מען טיילט אָפּ באַזונדער די מענער און באַזונדער די פרויען צוזאַמען מיט די קינדער, און אַלע מוזן זיך אויסטאָן מוטער־נאַקעט. מען עצה'ט זיי זאָגאַר העפלעך, אַז זיי זאָלן איבערגעבן אַלע צירונגען אָדער ווערטפולע זאַכן אין אָפיס, וואו זיי באַקומען אַ פאָרמעלן רעסיט פאַר אַלע אָפּגעגעבענע זאַכן.

„דאָס דאָרף טרעמבלינקע באַשטייט פון 17 לאַנגע הילצערנע געביידעס אָן פענצטער, וועלכע זיינען צעוואָרפן צווישן זאַמדיקע בערגלעך, באַדעקט מיט סאָסנאָוועביימער. ווי נאָר אַלע טוען זיך אויס נאַקעט, בייט זיך פּלוצלינג דאָס גאַנצע בילד. פון וועלדל שפּרינגען אַרויס אוניפאָרמירטע דייטשן און אוקראַינער, זיי הויבן אָן ווילד שרייען, שיסן אין דער לופטן און טרייבן די טעראָריזירטע נאַקעטע מאַסע צום פּלאַץ פאַר די הילצערנע באַראַקן. פאַראויס ווערט געיאָגט די גרופּע פרויען און קינדער, געשטופּט און געשלאָגן מיט שטיקעס און נאַגאַיקעס; נאָך זיי ווערן מיט אַ שנעלערן טעמפּאָ געטריבן די מענער.

„די אומגליקלעכע הויבן שוין אָן צו פאַרשטיין, אַז דאָס איז דער לעצטער אַקט פון דער טראַגעדיע, אַז דאָס ווערן זיי געטריבן צום טויט. עס ברעכט אויס אַ שרעקלעכער געשריי און יאָמער־געוויין, געמישט מיט קללות און ריטשערייען פון די מערדער.

„לעבן באַראַק נומער 1, דער סאַמע גרעסטער, שטייט דער שעף פון טרעמבלינקער לאַגער, קאַפּיטאַן זאַמער; ער שטייט מיט אַ לאַנגן בייטש אין האַנט און שלאָגט די ווילד־געוואָרענע און טעראָריזירטע מענטשן־מאַסע, ווען זי ווערט — אַזוי ווי שאָף צו דער שחיטה — אַריינגעיאָגט אין באַראַק. דער פלאָר אין באַראַק איז גליטשיק; מענטשן שטרויכלען און פאַלן און קענען זיך שוין ניט מער אויפהייבן, — ווייל אויף זיי פאַלן נייע קערפּערס פון קרבנות, מיט אימפּעט געטריבענע פון הינטן.

„קליינע קינדער ווערן געוואָרפן איבער די קעפּ פון די פרויען. מענער ווערן געשטופּט מיט קאָלבעס, און אויף אַזאַ אופן ווערט פול די עקזעקוציע־קאַמער, וואו עס איז פאַראַן פּלאַץ פאַר צוויי ביז דריי טויזנט צונויפגעשטיקטע קערפּערס. די טירן ווערן דאַן הערמעטיש פאַרריגלט... דורך רערן אַרום די ווענט ווערט אַריינגעלאָזן דער דומפּיקער גאַז...

„אין דער ערשטער פערטל שעה דערגייען פון אינעווייניק פאַרשטיקטע קולות, — און דערנאָך ווערט אַלץ שטילער און שטילער... נאָך אַ האַלבער שעה ווערט די טיר געעפנט.

„איצטער קומען די גרעבערס, — הונדערטער יידן, — פאַרן פּרייז פון נאָך אַ פּאָר וואָכן לעבן — מוזן אויספירן די דאָזיקע טראַגישע פונקציע. זיי ווערן געטריבן מיט קללות און זידלערייען פון די שטורמיסטן. אָבער, ווען די טירן עפענען זיך, זיינען אַלע קערפּערס צונויפגעפּלאַכטן און צוגעקלעפּט אין איין מאַסע הענט, פיס קעפּ, — צונויפגעפּרעסט אין לעצטן קאָנוואולסיע־קראַמף פאַרן טויט.

„די יידישע קברנים גיסן אויף דער צונויפגעקלעפּטער מאַסע מתים עמערס מיט קאַלט וואַסער און אויף אַזאַ אופן באַקומען זיי אַרויס פון דער טויטן־קאַמער די קערפּערס. די קברנים באַקומען אַ באַפעל: „איין מאַן — צוויי לייכעס!" — און דעריבער נעמט יעדער פון זיי שלעפּן זיינע צוויי טויטע צו די אויסגעגראָבענע קברים אַרום דעם וואַלד. די קברים ציען זיך מיילן־לאַנג, און ווען איין עקזעקוציע איז נאָך ניט פאַרענדיקט, הערט מען שוין דאָס קלאַפּן פון דער גרויסער עלעקטרישער בויער־מאַשין, וועלכע גראָבט שוין אַ נייעם ברודער־קבר.

„די אומגליקלעכע קרבנות רעאַגירן פאַרשידן, ווען מען טרייבט זיי אַריין אין דער טויטן־קאַמער, אָבער די מערסטע מענער זאָגן וידוי און קאַפּיטלעך תהלים אויפן קול...

„די דאָזיקע סצענע ווערט איבערגעחזרט יעדן טאָג שוין מאָ־באַטן לאַנג. קאָן מען אויפֿציילן די קרבנות ?“.

דאָס איז נאָר אַ קליינער טייל פֿון אַ רעפּאָרט, געשריבן פֿון אַ מאַן, וועלכער האָט דאָס אַליין צוגעזען.

די אַלע איינצלהייטן — פֿיל מער ווי מיר קענען דאָ באַשרייבן — זיינען מיט אַ קורצער צייט צוריק געבראַכט געוואָרן צו פּרעזידענט רוזוועלט אין אַ געשפּרעך וואָס האָט געדויערט קנאַפּע צוויי שעה. אויך פּרעמיער טשוירטשיל האָט פּערזענלעך אויסגעהערט די דאָזיקע שענדלעך־טראַגישע געשיכטן.

דאָס וועט זיכער האָבן שווערע פֿאָלגן בעתן אויסאַרבעטן דעם פּלאַן פֿון באַשטראָפֿן די מלחמה־פֿאַרברעכער.

אונזער חיים נחמן ביאַליק האָט אַמאָל געזאָגט: „אַפֿילו דער טייוול אַליין האָט נאָך ניט אויסגעטראַכט אַ שטראָף פֿאַרן טויטן אַפֿילו איין אומשולדיק קינד“... און מיר רעדן דאָך וועגן מיליאָנען אומ־שולדיק אומגעבראַכטע.

## ו.

**די תורה אין די לעצטע טעג פֿון וואַרשעווער געטאָ * די תלמידים פֿון דער לובלינער ישיבה וואָס האָבן געהאַלטן אין לערנען ביז דער סאַמע לעצטער מינוט * אַ קריסט גיט איבער ריינדיקע פּרטים.**

דער מענטש, וועלכער איז נאָך מיט עטלעכע חדשים צוריק גע־ווען אין וואַרשע, האָט מיר דערציילט אַ קליינעם עפּיזאָד, — דוכט זיך אַן אומבאַדייטנדיקן, — אָבער, וואָס האָט אויף דעם דערציילער — כאָטש אַ קריסט — געמאַכט אַן אומפֿאַרגעסלעכן איינדרוק.

ער האָט באַזוכט די וואַרשעווער געטאָ אין פֿעברואַר 1943. עס זיינען שוין דעמאָלט דאָרט ניט געווען מער ווי אַ צענט חלק פֿון די וואַרשעווער אידן. דער גרעסטער טייל פֿון זיי איז שוין געווען אַרויס־געפֿירט אין יענע „אומבאַוואוסטע ריכטונגען“, וועגן וועלכע עס איז אַזוי פּיינלעך נאָכאַמאָל צו רעדן. די עטלעכע צענדליק טויזנט געבלי־בענע יידן האָבן געוואוינט אין אַ פּאָר גאַסן אַרום דעם מוראַנאָווער פּלאַץ — גאַסן פֿינצטערע, אָרעמע, צעשטערטע פֿון די ערשטע מלחמה־חדשים. אַפֿילו אין פֿרידנס־צייטן איז דאָרט געווען ענג און אָפּגעלאָזן; ווייניק פֿרייד און זון פֿלעגן דאָרט אַריינדרינגען.

און איצט — ווען ניט ווייניקער ווי זעקס פּערזאָן האָבן געדאַרפֿט וואוינען אין איין צימער, — קאָן מען זיך פאָרשטעלן די ענגשאַפֿט און די שווערע באַדינגונגען פֿון דאָרטיקן לעבן.

דער דערציילער האָט געדאַרפֿט זען אַ פּאָר יונגע יידן, וועלכע האָבן געהערט צו דער אונטערערדישער באַוועגונג און ער האָט זיך אויפֿגעהויבן אויף פֿינצטערע, פאַרדרייטע טרעפּ ערגעץ אין אַ פֿאַר־וואָרפֿן געסל. דאָרט האָט שוין אויף אים געוואַרט אַ יידישער בחור, וואָס האָט אים אַריינגעפֿירט אין דער דירה.

די באַגעגעניש האָט באַדאַרפֿט פֿאָרקומען אין אַ לעצטן צימער און זיי זיינען דורכגעגאַנגען איניקע צימערן, וועלכע זיינען געווען פֿול מיט שכנים. אין איינעם פֿון די צימערן האָט מיין דערציילער דערזען אַ גרופּע יידן, וועלכע זיינען געזעסן אויף הילצערנע בענק אַרום אַ טישל און זיך געשאָקלט איבער ספֿרים. ווען מען איז דורכ־געגאַנגען דעם צימער, האָבן די דאָזיקע יידן אַפֿילו זייערע קעפּ ניט אויפֿגעהויבן.

די באַראַטונג, צו וועלכער דער קריסט איז געקומען איז אָפּגע־האַלטן געוואָרן אין שכנותדיקן צימער. די גאַנצע צייט זיינען די גע־שפּרעכן פֿאָרגעקומען אונטער דעם אַקאָמפּאַנימענט פֿון דעם ניגון פֿון די יידן וואָס זיינען געזעסן און געלערנט. מיין דערציילער איז געווען נייגעריק צו וויסן, וואָס „זינגען" דאָרט די יידן? אויף דעם האָבן אים די יידישע יונגעלייט געענטפֿערט: „דאָס זיינען לערנער, ישיבה־בחורים, וועלכע זיינען אַנטלאָפֿן פֿון ערגעץ אַ גרויסער ישיבה; און דאָס זינגען זיי לערנענדיק; זייער עסן איז אַ שטיקל ברויט מיט אַ ביסל הייסע וואַסער, — אָבער דאָס שטערט זיי ניט אין לערנען גאַנצע טעג און אָפֿטמאָל נעכט.

מיין קריסט דערציילט מיר, אַז נאָך איצט, — ווען ער כאַפּט זיך אַמאָל אויף אין מיטן נאַכט, — קלינגט אים אין די אויערן דער וויי־טער, אָריענטאַלישער ניגון, און אַזוי ווי לעבעדיק זעט ער פֿאַר זיך די אויסגעדאַרטע מיט בערד באַוואָקסענע אַסקעטן, וואָס שאָקלען זיך איבער די גמרא׳ס.

דאָס איז אַן אַרויסגעריסן בילדל פֿון די לעצטע וואָכן אין וואַר־שעווער געטאָ, — ווען טויט האָט געלויערט הינטער די פֿענצטער און יעדן טאָג געקלאַפּט אין די טירן; — און דאָך, האָט זיך דער דער אַלטער, אייביקער גמרא־ניגון פֿול מיט בענקשאַפֿט, געשלענגלט פֿון זיינע ווייטע קוואַלן ערגעץ אין אַלטן בבל, דורך דער געטאָ אויף

סמאַטשע גאַס און — ווייטער דורך וועלדער, דורך סטעפּעס, דורך ימים אין דער אומענדלעכקייט אַריין.

גראַד אויף מאָרגן נאָך דעם געשפּרעך איז אין מיינע הענט אַריינגעפאַלן אַ נומער פון דער „דויטשער אַבענד צייטונג", אַ זשורנאַל וואָס גייט אַרויס אין נאַצי־דייטשלאַנד. די צייטונג איז פון 1940טן יאָר, ווען יידן האָבן נאָך געוואוינט אין לובלין. און אָט לייענען מיר:

„עס איז געווען אַ ספּעציעלער שטאָלץ פאַר אונז, — דערצויגענע אין די היטלער־יוגנט שולן, — צו רואינירן די לובלינער תּלמודישע אַקאַדעמיע, — וועלכע איז באַוואוסט אַלס די גרעסטע אין פּוילן. מיר האָבן אַרויסגעשליידערט אויף דער גאַס די גרויסע ביכער פון דער ביבליאָטעק און אַוועקגעפירט זיי צום מאַרק־פּלאַץ. דאָן האָבן מיר זיי אונטערגעצונדן. דערנאָך האָבן מיר געבראַכט נאָך טויזנטער ביכער. גאַנצע 20 שעה האָט דער פייער געברענט. די יידן פון לובלין זיינען געשטאַנען אַרום און ביטער געוויינט. זייערע געשרייען האָבן פאַר־טויבט די אויערן. מיר האָבן דעריבער אַראָפּגעבראַכט אַ מיליטערישן אָרקעסטער, וועלכער האָט געשפּילט פריילעכע מאַרשן און דורך דער מוזיק האָבן מיר די יידישע יללות ניט געהערט".

די דאָזיקע ווילדע סצענע, ווי באַרבאַרן ווילן מיט פייער פאַר־ניכטן דאָס יידישע וואָרט און מיט מוזיק פאַרטויבן דעם געוויין, וואָס רייסט זיך צום הימל , — איז קלאַסיש און אומפאַרגעסלעך.

פאַר מיר אָבער, וועלכער האָט באַזוכט די פרעכטיקע לובלינער ישיבה מיט אייניקע חדשים פריער איידער די מלחמה איז אויסגע־בראָכן, — איז די דערציילונג, ווי אַזוי זי איז צעשטערט געוואָרן, געווען אַ טראַגישע איבערלעבעניש.

צוזאַמען מיט אַ גרופּע כּלל־טוער און שריפטשטעלער פון וואַרשע האָבן מיר יענעם זומער באַזוכט די ישיבה און געהאַט דעם גרעסטן פאַרגעניגן זעענדיק ווי מאָדערן עס זיינען געווען אירע איינריכטונגען, ווי ענטוזיאַסטיש עס זיינען געווען אירע אָנפירער ר' אריה פראַמער און ר' משה פריעדמאַן. איך קאָן ניט פאַרגעסן דעם קליינעם 12־יאָריקן יינגעלע מיט זיינע ברענענדיקע אויגן און לאַנגע געקרייזלטע לאָקן, וועלכער האָט איבערגעזאָגט אויסנווייניק דעם שווערן שיעור, פול מיט פּלפּולים און ציטאַטן, וועלכן דער ראש־ישיבה אַליין האָט נאָר וואָס פאַרגעטראָגן אין גרויסן זאַל פון דער תּורה־אַקאַדעמיע.

און שפּעטער דער געזאַנג פון די בחורים — פון דער גאַנצער וועלט צונויפגעזאַמלטע, וועלכע זיינען געקומען דאָ דורשטיקע זיך אָנצוטרינקען פון אונזערע אייביקע קוואַלן. אין די ברייטע ביבליאָטעק־

זאָלן האָט מען אונז געוויזן דעם אוצר פֿון די ספֿרים, די 40 טויזנט עקזעמפּלאַרן פֿון אַלטער וויסנשאַפֿט, וואָס זיינען שפּעטער אַוועק מיט דעם פֿייער אונטער די קלאַנגען פֿון פֿריילעכער מוזיק.

און וואו זיינען אַהינגעקומען די לעבעדיקע, אַט די רבנים און ישיבה־בחורים, — וועלכע זיינען אויפֿגעהויבן געוואָרן דורך דעם מלחמה־שטורם־ווינט און צעזייט און צעשפּרייט איבער וויטע לענדער און ימים?

אונטער דעם איינדרוק פֿון דעם גרוס, וואָס דער וואַרשעווער קריסט האָט מיר איבערגעגעבן און פֿון דער נאָטיץ אין דער דייטשער צייטונג, ווי אַזוי די ספֿרים האָבן געברענט, — האָב איך זיך אויך דערמאָנט אין מיינעם אַ וויזיט מיט יאָרן צוריק אין אַ צווייטער באַרימטער פּוילישער ישיבה, אין דער שטאָט מיר:

ווען די מלחמה איז אויסגעבראָכן איז די ישיבה פֿון מיר שוין אַלט געווען 125 יאָר. ווען איך בין אַריין אין בנין פֿון דער ישיבה, האָט אין גרויסן זאַל אונטן געזאָגט שיעור דער משגיח ר׳ ירוחם. איבער הונדערט בחורים זיצן פֿאַרטיפֿט און אָנגעשטרענגט און שלינגען די ווערטער. זיי לערנען איצט די מסכתא יבמות, און עס איז קיין וואונדער ניט זייער אָנגעשטרענגטקייט. דאָס איז דער שווערסטער קאַפּיטל פֿון פֿאַמיליען־רעכט, — וועלכן עס איז ניט אַזוי לייכט צו פֿאַרדייען. די יונגעלייט זיינען דאָ ניט געקומען צוליב קאַריערע, און אויך ניט צוליב מאַטעריעלע אינטערעסן. זיי זיינען זאַרגלאָז און טראַכטן ניט וועגן אַ תּכלית: צוזאַמען וואַרעמען זיי זיך לעבן דעם אייביקן ליכט פֿון דער תּורה, — און דאָס איז דער עיקר.

עס איז זיך שווער פֿאַרצושטעלן די צרות און די יסורים, וואָס אַט די אַלע יונגע יידישע לערנער מיט זייערע מנהיגים האָבן איבערגעלעבט זינט די מלחמה האָט זיי אָנגעהויבן שליידערן פֿון פּלאַץ צו פּלאַץ.

אָבער דער טייל, וואָס איז פֿאַרבליבן אין ליטע און איז אַריינגעפֿאַלן אין די נאַצישע הענט, האָט פֿונדעסטוועגן פּרובירט ווידער אַמאָל צו אָרגאַניזירן דאָס לערנען.

אַן אונטערערדישער באַריכט פֿון ווילנער געגנט האָט מיט אַ צייט צוריק געבראַכט די ידיעה, אַז אין אַ קליין שטעטל האָט די געסטאַפּאָ געכאַפּט אַ גרופּע געוועזענע ישיבה־בחורים פֿון סלאָבאָדקע און קלעצק, — ביים „פֿאַרברעכן" פֿון לערנען גמרא. מען האָט זיי זאָפֿאָרט אַרעסטירט, באַשולדיקט אין כּשוף־מאַכעריי און פֿאַרמשפּט צו פֿאַרברענען לעבעדיקערהייט. דער ווילנער קאַטוילישער ערצבישאָף

יאַבלזשיקאָווסקי האָט זיך דאָן אַריינגעמישט און אַריינגעלייגט אין חרם יעדן, וואָס וועט עדות זאָגן לטובת דער דאָזיקער באַשולדיקונג; דאָס האָט געווירקט און די קריסטלעכע איינוואוינער פֿון שטעטל האָבן מיט זייערע דערקלערונגען געראַטעוועט די יונגעלייט פֿון פֿאַרברענט צו ווערן אויף אַ „שייטערהויפֿען“, אויפֿן מאַרק פֿון שטעטל.

און אַז עס האָט זיך אָנגעהויבן דער גרויסער געלאָף אויף מזרח, ווען די דייטשן זיינען באַפֿאַלן רוסלאַנד, — זיינען מיט דעם רייסנדיקן שטראָם מיטגעלאָפֿן די „ריטערס פֿון דער תורה“.

איך באַגעגנט זיי אין די אומענדלעכע טייגעס פֿון ווייטן סיביר; אין די הייסע סטעפּעס פֿון קאַזאַקאַסטאַן; אין די זאַמדיקע דער־פֿער פֿון פֿאַרחלומטן טורקעסטאַן.

ווי רירנד דערציילט ד״ר יצחק לעווין זיי באַגעגעניש מיט דעם אַלטן גמרא־ניגון אויף אַ יאַפּאַנישער שיף אין מיטן אַ געוואַלטיקן שטורם־ווינט אויפֿן פּאַציפֿישן ים.

דורך דעם שטורם הערט ער פֿון דער ווייטנס אַ קלאַנג פֿון דער האַרציקער גמרא־מעלאָדיע. ווען עס האָט זיך אַביסל דער ים באַ־רואיקט איז ער אוועק זוכן דעם אָרט פֿון וואַנען די מעלאָדיע קומט. ער האָט דערזען, ווי אויף אַ באַנק אויפֿן דעק פֿון שיף זיצט פֿאַרטיפֿט איבער אַ ספֿר אַ יונגערמאַן און זינגט זיך אונטער. וואָס אַרט אים דער שטורם־ווינט, אַז ער איז אינגאַנצן אין שטורם; אַרויסגעריסן מיט די וואָרצלען פֿון אַ ווייט פּוילישׁ שטעטל, איינזאַם און אַליין שפּרייזט ער דורך אַ וועלט און זוכט אַ פּלאַץ, וואו ווידער אַמאָל די וואָרצלען מיט דער ערד צו באַהעפֿטן און די פֿרייהייט פֿון לערנען באַהאַלטן.

די געשיכטע ווי אַזוי ישיבה־בחורים האָבן געוואַנדערט צופֿוס אַ סך הונדערטער מײַלן פֿון קאַלטן סיביר אין דער ריכטונג צו די וואַרעמערע געגנטן פֿון רוסלאַנד: קיין טאַשקענט, סאַמאַרקאַנד אָדער בוכאַראַ, — וואַרט נאָך דערציילט צו ווערן פֿון גרויסע ליטעראַרישע מייסטערס. דראַמאַטיש שפּאַנענד זענען מיר דאָס פֿון די צענדליקער בריוו, וואָס קומען אָן דאָ אין ניו־יאָרק. די בריוו געפֿינען זיך אין ועד־ההצלה. דער דאָזיקער אַמעריקאַנער רעטונגס־קאָמיטעט באַשעפֿ־טיקט זיך מיט מאָביליזירן די גאַנצע הילף און רעטונג, וואָס איז נויטיק פֿאַר די דערמאָנטע נאָך ניט באַזונגענע תורה־העלדן, וועלכע זיינען פֿונאַנדערגעוואָרפֿן איבער אַ צעטרייסלטער און מיט בלוט פֿאַר־גאָסענער וועלט.

מיר לייענען אין די בריוו, ווי אַזוי יונגעלייט שלעפּן זיך לאַנגע חדשים דורך וועלדער, ווייט פֿון מענטשלעכע ישובים. זיי שפּייזן זיך

מיט פאַרפּוילטע קאַרטאָפל, מייערן אָדער בוראַקעס, וואָס זיינען ניט אַרויסגענומען געוואָרן פון פאַרלאָזענע פעלדער. פאַראַן געגנטן, וואו וואָכן־לאַנג באַגעגנט מען ניט קיין מענטשן. פיל פון די וואַנדערער האָבן דעם וועג ניט געקאָנט איבערטראָגן און זייערע ביינער רוען אונטער שמאָלע ברעטלעך מיט די אַלטע סימנים פון אַ „קבר ישראל". אָבער די וואָס האָבן זיך דערשלאָגן צו אַ ישוב, האָבן ווידער אַמאָל, פאַרזאַמלטע אַרום דעם רב אָדער עלטערן לערנער, — באַנייט די מוזיק פון די אַמאָליקע ישיבות אין זאַמדיקן בבל מיט פיל, פיל הונ־דערט יאָרן צוריק, —באַנייט דעם ניגון, וואָס האָט געוואַנדערט דורך אַזיע און דורך אַפריקע קיין שפּאַניע, פראַנקרייך, דייטשלאַנד, דורך די פוילישע און ליטווישע אומעטיקע ישובים, דורך סיביר און די קירגיזישע סטעפּעס, דורך לענדער פון די יאַקוטן צו די סאַרטען, דורך יאַפּאַן און כינע.

יאָ, איז די ישיבה ניט אַ זעלטענע דערשיינונג, וועלכע איז דורך די צעברעקלטע איבערגעבליבענע יונגעלייט געשאַפן געוואָרן אין כינעזישן קעסל־גרוב, אין דער שטאָט שאַנכאַי?

פאַרגעסט ניט, אַז שאַנכאַי געפינט זיך אונטער דער יאַפּאַנישער אָקופּאַציע. וואָס פאַר אַ געוואַלדיקע ענערגיע עס האָט זיך געפאָדערט צו אָרגאַניזירן דאָרט אַרום 500 רבנים און בני־ישיבה! זיי געפינען זיך אַלע צוזאַמען אין איין גרויסן הויז, — דאָרט וואוינען זיי און דאָרט לערנען זיי. אַרום זיי קאָכט אַ פרעמדער כינעזיש־יאַפּאַנישער לעבן, פול מיט פרעמדקייט און מיט זינד. אָבער אונזערע יונגעלייט האָבן זיך פון דעם איזאָלירט מיט דער גאַנצער התלהבות און ברען פון אַ גלויבן — וועלכער איז שוין ניט איינמאָל דורכגעגאַנ־גען דעם ברענענדיקן געשיכטלעכן קאַלך־אויוון און — ווידער לעבן געבליבן.

* *
*

דער קריסט, וואָס האָט מיר דערציילט, אַז עס פאַרפאָלגט אים דער ניגון, וואָס עס האָבן געמורמלט ביים לערנען די יידישע יונגע־לייט, — ערגעץ אין אַ פאַרוואָרפענעם צימער פון וואַרשעווער געטאָ, — האָט אַליין ניט געוואוסט, וואָס פאַר אַ סטרונע ער האָט ביי מיר אָנ־גערירט. די אַלע טראַגישע איבערלעבענישן, וועלכע רופן אַרויס די ידיעות, וואָס קומען אָן פון דער „אונטערגרונד", — זיינען פלוצלונג באַלויכטן געוואָרן מיט אַן אייביקן ליכט פון ישראל סבא, — פון אַלטן ישראל.

## ז.

### דייטשן מאַכן געשעפטן מיט יידישע קערפּערס, מיט יידישע ספרי תורה און מיט יידיש האָב־און־גוטס.

דער שעף פון דער עקאָנאָמישער אָפּטיילונג פון פּוילישן „גענעראַל־גאָווערנעמענט", דער דייטש לעפּקע, האָט צוגעשטעלט זיין בעל־הבית, פראַנקן, אַ גרויסן באַריכט וועגן די עקאָנאָמישע „דערגרייכונגען" אין פּוילן אונטער דער נאַצי־הערשאַפט. אין באַריכט געפינען מיר פאָלגענדיקן כאַראַקטעריסטישן טייל:

„מיר קענען נאָך ניט פאָראויסזען אַלע ווירטשאַפטלעכע פאָלגן, וועלכע זיינען פאַרבונדן מיטן ליקווידירן דעם געטאָ אין וואַרשע. מיר ווידמען דעם פּראָבלעם פיל צייט. דער פאַקט אָבער, וואָס אין וואַרשע איז געוואָרן מיט 400 טויזנט עסער ווייניקער פאַרלייכטערט שטאַרק די אַפּראָוויזאַציע פון דער שטאָט. די גרעסטע צרה איז אָבער, וואָס מיר האָבן פאַרלאָרן אַרום 200 מיליאָן איינקונפט, וועלכע פלעגט אַריינקומען פון יידן אַלס דירה־געלט אין געטאָ. די הייזער זיינען איצט פּוסט. די אַלע מעבל, קליידער און אַנדערע באַוועגלעכע חפצים זיינען איבערגעגעבן געוואָרן דער „רייכספירער שטורם־אָפּטיילונג" (שטורמיסטן). מיר מוזן זאָפאָרט צוטרעטן צו רעמאָנטירן די הייזער און צופּאַסן זיי צו די באַדערפענישן פון די נייע לאָקאַטאָרן וואָס קומען אָן קיין וואַרשע"...

* *
*

ס'לוינט זיך אַ קוק צו טאָן, וואָס עס טוט זיך הינטער די קוליסן פון די אָקופּירטע לענדער, אַריינבליקן אין מאָראַלישן פּרצוף פון דער היטלער־אַדמיניסטראַציע דאָרט.

לויט דער מאָס פון צעפוילטקייט, וועלכע מיר וועלן פאָרשטעלן, וועלן אַלע קענען זען, אַז היטלער וועט מוזן עפּעס אָראָפּלאָזן פון די טויזנט יאָר הערשאַפט, וועלכע ער האָט געוואָלט אָנוואַרפן אויף דער וועלט־געשיכטע... עס וועט זיין אַ נס פאַר אים, אויב ער וועט ענדיקן כאָטש די ערשטע עלף יאָר. 989 יאָרן וועט שוין דער אויבערשטער שענקען דער געמאַטערטער וועלט.

מיר אַלע האָבן ביז אַהער געוואוסט, אַז וואָס איז שייך מערדע־רייען און גרויזאַמקייטן, קאָן קיינער ניט איבערשטייגן די נאַציס. מיר האָבן אויך געוואוסט, אַז זיי זיינען די וועלט־טשעמפּיאָנען אַלס ליגנער. זאָגט דאָך דער פּסיכאָפּאַט היטלער אין זיין בוך „מיין קאַמף": „די

וועלט איז ניט מוחל, ווען מען זאָגט אַ קליינעם ליגן, — דאַקעגן כאַפּט זי אויף זייער גערן גרויסע ליגנס". און אָט טאַקע מיט דער הילף פון גרויסע ליגנס, פון פאַרראַט, פון פאַלשע אָפּמאַכן, פון געבראָכענע צו־זאָגן — האָט מען די כלומרשט „קלוגע" וועלט אַזוי קונציק פאַרפירט.

אָבער אַז דער דייטש איז דער גרויסער כאַבאַרניק, דער אַזוי צו זאָגן: „סופּערמאַן" אין גנבה, דאָס דערוויסן מיר זיך פון אונטערער־דישע רעפּאָרטן, וועלכע דערציילן גענוי און מיט אַלע אייַנצלהייטן, ווי אַזוי די דייטשע אַדמיניסטראַציע פירט זיך אויף אין די אָקופּירטע לענדער, — מיט וואָס פאַר אַ טייוולאַנישן טאַלאַנט מען נעמט כאַבאַר, מען ליידיקט אויס די קעשענעס פון די אַזוי אויך פאַראָרעמטע און רו־אינירטע, פאַרשקלאַפטע פעלקער.

פון די אַלע געשיכטעס און דאָקומענטן, וואָס קומען אָן פון די אָקו־פירטע לענדער באַקומט זיך אַזאַ סקאַנדאַליעזער בילד פון קאָרופּציע, גנבה, ליגנס, שלעכטער ווילן און לומפּעריי, — ניט אומפּעאיקייט און פשוטע אידיאָטישע האַנדלונגען — אַז דער צוקונפטיקער היסטאָריקער וועט האָבן פאַר זיך אַ גאַנץ קאָמפּליצירטע אויפגאַבע צו פאַרשטיין און אַנאַליזירן דעם פּסיכישן צושטאַנד פון דייטשן פאָלק אין דער איצטיקער עפּאָכע.

דער גענעראַל־גובערנאַטאָר פון פּוילן, רייכס־מיניסטער פראַנק, האָט ניט לאַנג צוריק ביי אַ גרויסער יובליי־פייערונג אין ראַקאָוו, געהאַלטן אַ שטאָלצע רעדע, אין וועלכער ער האָט אויסגערעכנט די וואונדערלעכע טובות און ישועות, וואָס די נאַצי־הערשער ברענגען אין די אָקופּירטע לענדער. די רעדע האָט ער פאַרענדיקט מיט פאָל־גענדע ווערטער — און איך באַנוץ אַפילו זיין אייגענע שפּראַך:

“In diesen Raum ist noch nie so einfach und sauber regiert worden”.

— קיינמאָל — הייסט דאָס — איז די אָנפירונג פון פּוילן ניט געווען אַזוי קלאָר און זויבער ווי זי איז איצט, אונטער זיין — פראַנקס — ממשלה...

אָט דער דאָזיקער גרויסער ליגן פון נאַצישן אַפּאָסטאָל, וועלכער האָט אין דער זעלבער רעדע געלויבט די ערלעכקייט פונם דייטש און זיין פאַרגעסן די אייגענע אינטערעסן צוליבן כלל — פאָדערט טאַקע אַ באַלייכטונג מיט פאַקטן.

אַגב, איז עס טאַקע נויטיק, אויב מיר ווילן שוין איצט זען דעם ראַק, וואָס פרעסט אויף דעם אויסערלעך געזונטן קערפּער פון דייטשן פאָלק. ווי נאָר דער גענעראַל־גובערנאַטאָר פראַנק האָט אין קראָקע

אָפּגעהאַלטן זיין רעדע וועגן זיין „זויבערע" אַדמיניסטראַציע, האָט ער גלייך באַקומען אַ פּאַטש אין פּנים פון זיין קאַזין, דעם גובערנאַטאָר פון לעמבערג, וועלכן מען האָט פּשוט געכאַפּט ביי דער האַנט נעמענ־דיק כאַבאַר פון אַ פּאָר יידן, ביי וועלכע עס איז נאָך געבליבן אַביסל דימענטן און צירינג.

פראַנק האָט געמוזט די געשיכטע פאַררייבן. דעם גובערנאַטאָר לאָש האָט מען איבערגעטראָגן אויף אַן אַנדער שטעלע קיין אַנטווערפּן, ווייזט אויס, ווייל ער איז אַזאַ מבין אויף דימענטן. אָבער אין גאַנץ פוילן, מיט דער הילף פון דער אונטערערדישער פּרעסע, האָט מען דערציילט, ווי אַזוי דער „דער קלאָרער און זויבערער" גובערנאַטאָר האָט זיך אַרויסגעוויזן פאַר אַ געוויינלעכן קאָרופּציאָניסט און גנב.

כל זמן אין פוילן זיינען נאָך געווען אָרגאַניזירטע יידישע געטאָס, האָבן דאָרט די דייטשע אַדמיניסטראַטאָרן געשטודירט די איידעלע מלאכה פון גנבה און כאַבאַר. מען האָט געצאָלט דעם דייטשן באַאַמטן אַפּאַראַט 1000 זלאָטעס פאַר אַ טאָן קוילן אַנשטאָט דעם אָפיציעלן פּרייז, וועלכער איז געווען נאָר 75 זלאָטעס. און ניט נאָר יידן, נאָר אויך כשר'ע אַריער, פּאָלאַקן, האָבן געצאָלט צענפאַכיקע פּרייזן פאַר הייץ־מאַטעריאַלן, אויב זיי האָבן ניט געוואָלט פאַרפרוירן ווערן אין ווינטער.

אַ פליסיקער מאַטעמאַטיקער פון דער אונטערערדישער באַוועגונג האָט אויסגערעכנט, אַז אין פוילן אַליין האָבן די דייטשן צוניפגעזאַמלט איבער 3000 מיליאָן זלאָטעס כאַבאַר־געלט נאָר פאַר הייץ־מאַטעריאַלן.

איצטער — וויפיל אַנדערע הונדערטער מיליאָנען זיינען אַריינגעפלאָסן אין די קעשענעס פון פאַרשיידענע גובערנאַטאָרן, קרייז־אַמטפירערס, געסטאַפּאָ־זשאַנדאַרמען און ביזן לעצטן פּאָליסמאַן איינשליסלעך, פאַר אַריינפירן אַביסל מעל אין די שטעט ; פאַר דורכשמוגלען פּוטער, פאַר אַרויסגעבן סערטיפיקאַטן אויף באַן־טיקעטס, אויף אַ פּאָר שיך, אויף סחורה, אויף אַ העמד — מיט איין וואָרט : אויף אַלץ וואָס אַ לעבעדיקער מענטש דאַרף האָבן, כדי איבערצוקומען די שלעכטע צייטן.

אין אַלע אָקופּירטע לענדער זיינען טעטיק אַ רייע פאַרמיטלער — מערסטנטיילס פון די אָרטיקע „קוויזלינגס", וועלכע האָבן איבערגע־דרייט דעם פעלץ — דורך זיי קען מען דורכפירן אַלע מעגלעכע געשעפטן מיט די העכסטע פאַרשטייער פון דער „זויבערער" היטלער־אַדמיניסטראַציע.

די פּריזן זײַנען, פֿאַרשטייט זיך, פֿאַרשיידן: אַז מען כאַפּט אין גאַס אויף אַרבעט און מען ברענגט אויפֿן זאַמל־פּונקט, קאָן מען זיך אויסקויפֿן פֿאַר אַ פּאָר האַלב־זיידענע זאָקן, אָדער פֿאַר אַ וואָלענעם „סוועטער". ווי איז אײַך, אויב איר זייט אַן אָרעמאַן און איר פֿאַרמאָגט ניט די דאָזיקע „קלייניקייטן". איר וועט שוין אַזוי שנעל צו אײַער פֿאַמיליע ניט צוריקקומען. — אָבער פֿאַר באַקומען אַ דערלויבעניש צו טראַנספּאָרטירן אַ וואַגאָן אייזן, דאַרף מען שוין באַצאָלן מיט אַ גאָלדענעם זייגער אָדער מיט דריי גאָלדענע חתונה־רינגען; פֿאַר דער דערלויבעניש אויסצוהאַקן אַ וואַלד — באַצאָלט מען דעם קרייז־הויפּטמאַן מיט אַ געמויערטער הויז אין אַ גרעסערער שטאָט — יאָ מיט אַ גאַנצן בנין אַלס שוחד־געלט. זעלבסטפֿאַרשטענדלעך ווערט די הויז איבערגעשריבן אויפֿן נאָמען פֿון אַ בלאָנדער דײַטשקע, וועלכע איז די ווײַב, אָדער די געליבטע פֿון היטלעריסטישן אַדמיניסטראַטאָר.

לויטן נאַצישן געזעץ קומט טויט־שטראָף פֿאַר קוילענען אַ בהמה אָן אַ דערלויבעניש, אָדער פֿאַר באַקן ברויט פֿון ווייסן מעל. אָבער די דאָזיקע באַגרענעצונגען זײַען פּשוט אַ שמאַלץ־גרוב פֿאַר די היטלער־גנבים; פֿאַר אַ פֿעטן כאַבאַר קענט איר קוילענען אַפֿילו צוויי בהמות, און פֿאַר אַ פֿערטל זאַק ווייצן־מעל אַלס כאַבאַר, קענט איר פֿון דעם איבעריקן מעל אַפֿילו בוימל־חלה אויסבאַקן.

זייער אָפֿט קענט איר אָפּקויפֿן בײַ דײַטשע סאָלדאַטן און אַפֿילו בײַ אָפֿיצירן, אַנגעראַבעוועטע אין די יידישע געטאָס פֿאָטאָגראַפֿישע אַפּאַראַטן, זייגערלעך, טיש־זילבער און אַפֿילו פּאַרמעט פֿון ספֿרי־תורה׳ס, פֿון וועלכע מען מאַכט איצט אין אָקופּירטן אייראָפּע טייסטערס.

אָבער איר קענט אויך קויפֿן בײַ דער „שטאָלצער און ערנהאַפֿטער דײַטשער אַרמיי" די טײַערסטע זאַכן, וועלכע זי אַליין האָט ניט גענוג, ווי געזאָלין, אַפּטייק־אַרטיקלען, אויטאָמאָביל־רעדער, — און אַפֿילו רעוואָלווערן און ביקסן.

די לעצטע — ווי איר פֿאַרשטייט — ווערן ניט געקויפֿט פֿאַר ציי־רונגס־צוועקן — און ווערן שטענדיק אויסגענוצט אויפֿן ריכטיקן פּלאַץ און אין דער ריכטיקער צײַט...

אַ האָלענדישער סוחר, וואָס האָט זיך ניט לאַנג צוריק אַרויסגע־ראַטעוועט פֿון אַמסטערדאַם קיין שווייץ, האָט דערציילט, ווי אַזוי ער האָט אָפּגעשלאָסן דעם בעסטן געשעפֿט אין זײַן לעבן אין קאַבינעט פֿון אַ הויכער נאַצישער „עקסעלענץ", וועלכע איז געזעסן אונטער אַ גרויסן בילד פֿון היטלערן. די גאַנצע צײַט, ווען מען האָט זיך געדונגען

וויפיל שוחד עס דאַרף דער סוחר באַצאָלן דעם נאַצי — האָט זיך אויסגעדוכט, ווי היטלער אַליין מיט זיין גניבהשער צורה הערט זיך אויפמערקזאַם צו און אָט־אָט וועט ער בעטן זיין חלק פון די טויזנטער פּלאַרינען, וואָס זיין טרייער תּלמיד באַקומט פון דעם אַמסטערדאַמער סוחר.

אייגנטלעך, ווען מען טראַכט זיך אַריין אין דער אָפיציעלער „אי־דעאָלאָגיע״ פון היטלעריזם, אָט ווי זי ווערט פּראָפּאַגירט פון די טרי־פּה׳נע מיילער פון די טרויעריק באַרימטע געבעלס און ראָזענבערג, איז דאָך די גאַנצע איצטיקע מלחמה אַ הייליקער קאַמף פון די וואָס „האָבן ניט״ קעגן די וואָס „האָבן יאָ!״ איז דאָך גאָר אַ מצוה פון די אָרעמע דייטשע „האָבעניכטסן״ צו לעבן אויפן פרעמדן חשבון פון די באַקאַנטע גרויסע „גבירים״: די פּוילישע פּויערים, די פּלע־מישע אַרבעטער, די סערבישע האַלב־הונגעריקע קבצנים, און איבער אַלץ: פון די מיליאָנען יידישע „עקספּלאָטאַטאָרן״, וועלכע, ווי באַקאַנט, האָבן פאַרן איצטיקן קריג דורכגעלעבט פאַר אַ „ביקעל״ אַ גאַנצן טאָג... אָט מיט דער טעאָריע פון „האָבעניכטסן״ זיינען די נאַציס אַריינגעמאַר־שירט אין אַלע אייראָפּעאישע לענדער מיטן אומפאַרשעמטן ציניזם פון פייער־ און רויב־פילאָסאָפיע.

אַז איר וועט זיך דערמאָנען אָן די אור־עלטערן פון אָט די רויבער, די „טעווטאָנישע ריטער״ פון מיטלאַלטער, אָט די אַלטע באַקאַנטע אונזערע פון די בלוטיק קרייץ־צוגן, וועט איר דערזען דעם זעלבן בילד: אונטער דער אידעאָלאָגיע פון באַפרייטן ריטער־קרייץ האָבן די ווילדע האָרדעס פריער פאַר אַלץ געזוכט פערזענלעכן רייכטום דורך פּלינדערן, רויבן, מאָרדן, פאַרגוואַלטיקן און גנבענען.

און איצט זעט מען ניט נאָר דאָס „ריטערלעכע״ מיליטער ביי דער הייליקער אַרבעט — נאָר אויך די ווייניקער ריטערלעכע פּשוטע דייטשן.

אין פּאַריז, אין וואַרשע, אין קאָפּענהאַגען און אין אָסלאָ זיינען די גאַסן פול מיט דייטשע ווייבער, מיט באַן־באַאַמטע, מיט גראָב־בייכיקע בוכהאַלטאָרן אין פאַרטיי־אוניפאָרמען; זיי שלעפּן זיך איבער די קראָמען מיט וואַליזעס אין די הענט, מיט רייזע־טאָרבעס אויף די פּלייצעס, מיט „זשעדנע״ אויגן קוקן זיי זיך איין אין די שוי־פענצטער, מיט דער קראַפט פון זייער פאַרטיי־לעגיטימאַציע קויפן זיי אויס פאַר ווערטלאָזע פּאַפּירלעך דאָס ביסל שיך, העמדער, פוטער און וואורשט — מיט וועלכע זיי פילן אָן זייערע „טשעמאָדאַנעס״.

די אָרטיקע באַפֿעלקערונג קאָן שוין לאַנג די אַלע זאַכן און שפּייזן ניט באַקומען, אָדער באַקומט זיי איינמאָל אין אַ יובל פֿאַר אַ „רעישאָן־קאַרט“, אָבער די אָנגעלאָפֿענע באַנדיטן פֿון „פֿאָטערלאַנד“ פֿרעסן דאָס אַלץ אויף, ווי אַ הונגעריקער היישעריק און לאָזן איבער אַן „אויסגעטריקנטע ערד“.

אַפֿילו די גאָר הויכע נאַצי־פֿירער קען מען דערגרייכן מיט כאַבאַר.

די געהיימע פּוילישע צייטונג „בולעטין אינפֿאָרמאַציני“ דערציילט, אַז דער פּאָליציי־קאַפּיטאַן בעטקע האָט גענומען פֿון דעם „איזוואָשטשיקעס פֿאַראיין“ אויף זאַמבקאָווסקע גאַס אין וואַרשע אַ כאַבאַר פֿון צען טויזנט זלאָטעס. אַ מיטגליד פֿון פֿאַראיין האָט אים געמסרט, און קאַפּיטאַן בעטקע האָט באַקומען זיין „שטראָף“: מען האָט אים געמאַכט פֿאַר דעם שעף פֿון דער פּאָליציי אין ביאַליסטאָק.

און אָט איז אַ צווייטער פֿאַקט: נאָך דעם צווייטן פּאָגראָם אין לעמבערג, אין אַפּריל 1943, האָט קאַפּיטאַן פּעלץ, דער הויפּט פֿון דער אָרטיקער תּפֿיסה, צונויפֿגעזאַמלט אָנגערויבטע יידישע צירינג פֿאַר אַכט מיליאָן זלאָטעס. אַ געהילף זיינער, וועלכער האָט ניט באַקומען קיין חלק פֿון דעם רויב, האָט וועגן דעם געמאָלדן דער קאָמענדאַטור. דעם קאַפּיטאַן האָט מען אַרעסטירט, אָבער שוין נאָך דריי טעג איז קאַפּיטאַן פּעלץ באַשטימט געוואָרן אַלס געהילף פֿון שטאָט־קאָמענדאַנט. די צייטונג גיט איבער, אַז די סיבה איז, וואָס אַ העלפֿט פֿון די בריליאַנטן זיינען אַריבער צום גענעראַל פֿאָן שליפּפּע אַליין, וועלכער איז דער קאָמענדאַנט פֿון גאַליציע.

און אָט איז אַ ידיעה פֿון דער אונטערערדישער ראַדיאָ „שוויט“, וועלכע איז פֿאַרשטעקט ערגעץ אין אַ וואַלד אין פּוילן.

„היינט איז אויף דער סטאַנציע מישלעניצע (אויפֿן גרענעץ פֿון פּוילן און טשעכאָסלאָוואַקיע) אָנגעקומען אַ מאָטאָריזירטע דייטשע אָפּטיילונג אויפֿן וועג צום רוסישן פֿראָנט. דער לייטער פֿון פּראָוויאַנט־וואַגאָן האָט פֿאַרקויפֿט צו אַן אָרטיקן סוחר זעקס הונדערט ליילעכער און 300 פּאָר שיך. ווען די זעלבע אָפּטיילונג איז אָנגעקומען מיט דריי שעה שפּעטער קיין קראָקע, האָט זי פֿאַרקויפֿט אַ פּאָר טויזנט פֿונט זיידן־שטאָף, פֿון וועלכן מען מאַכט פּאַראַשוטן“.

בעת הימלער איז אין יולי 1942 געווען אין וואַרשעווער געטאָ האָט ער דערקלערט:

„ס'איז פֿאַראַן צופֿיל יידן אין פּוילן. מען דאַרף זיי פֿיזיש פֿאַרניכטן. יידן זיינען דער שמוץ (ער האָט באַנוצט די דייטשע איבערזע־

צונג פֿון צואה) פֿון דער ערד און מען קען זיי דעריבער נאָר באַנוצן אַלס צואה. איך דערקלער אין נאָמען פֿון פֿירער, אַז יידן מוזן אויפֿהערן צו עקזיסטירן. מען דאַרף די ליקווידאַציע אָנהויבן פֿון וואַרשעווער געטאָ.

אַלס אָנהויב האָבן די דייטשן אָפּגעשניטן דעם צופֿור פֿון שפּייז אין געטאָ אַזוי, אַז ס׳האָט זיך אָנגעהויבן אַ בוכשטעבלעכע הונגער־עפּידעמיע. — אַ קריסט, וועלכער האָט די ידיעות אַריבערגעבראַכט, דערציילט פֿאָלגנדיקע פּרטים:

די, וואָס זיינען פֿון הונגער געפֿאַלן האָט קיינער ניט אויפֿגעהויבן. פֿון אָנפֿאַנג האָט נאָך די קהלה עפּעס געטאָן, געהאָלפֿן ביסלעכווייז. שפּעטער זיינען אירע מעגלעכקייטן אינגאַנצן אויסגעשעפּט געוואָרן.

„מענטשן האָבן געבעטלט ברויט קיינער האָט אויף זיי קיין אַכט מער ניט געלייגט. באַהערשטע דורך דעם אינסטינקט פֿון זעלבסט־רעטונג, האָבן אַלע מענטשן געקלערט נאָר פֿון זיך אַליין.

„עס איז דערגאַנגען דערצו, אַז ווען עמיצער פֿלעגט שטאַרבן, פֿלעגט די פֿאַמיליע אַרויסטראָגן אויפֿן גאַס דעם נאַקעטן קערפּער און לאָזן אַזוי ליגן, כּדי ניט טראָגן די קלאָפּאָטן און קאָסטן פֿון קבורה.

„די געסטאַפּאָווצעס זיינען געוואָרן ווילד און וועלנדיק זיך פֿאַרווילן, פֿלעגן זיי אַריינגייען אין געטאָ און איינאָרדענען אַ שיסעריי אויף דורכגייער, אַזוי ווי אויף ווילדע חיות אין אַ וואַלד. מיר קריסטן, וואָס האָבן געוואוינט אין שכנות פֿון די געטאָ־ווענט, האָבן גאַנצע נעכט געהערט שיסערייען פֿון יענער זייט און ווילדע געשרייען.

„דער געשטאַפּאָ אָפֿיציר, קראַוזע, האָט געשאַפֿן פֿאַר זיך פֿאָלגנדיקן ספּאָרט: אויף יעדן דרוך אים געשאָסענעם טויטן קערפּער פֿלעגט ער אָנשרייבן מיט קרייד אַ נומער. דאָס זעלבע האָט ער געטאָן אויף די טירן פֿון וואוינונגען, וואו ער פֿלעגט אויסמאָרדן אַ גאַנצע פֿאַמיליע.

„אין דעצעמבער, 1942, האָט מען מיר איבערגעגעבן, אַז דער באַנדיט האָט שוין אויפֿגעשריבן אויף די טירן פֿון אַ יידישער דירה דעם נומער 1.066!״

## ח.

### מעדיצינישע פּראָבעס אין געשלעכטס־עקספּערימענטן * די מוראדיקע אינקוויזיציע וואָס יידן און ניט־יידן גייען דורך אין ספּעציעלע נאַצישע לאַגערן אין פּוילן * ווי נאַצישע גרויזאַמקייט וואַקסט.

די דייטשן ציען נישט בלויז זייערע פּראָפיטן פון יידיש האָב־און־גוטס, זיי באַרייכערן אויך זייערע „וויסנשאַפטן" מיט די געפּייניקטע גופים פון זייערע פעלקער־קרבנות און הויפּטזעכלעך — זיינען זייערע „פּרוביר־האָזן" די יידן.

איך געדענק ווי איך בין אין צווייטן טאָג פון דער דייטשער אָקופּאַציע געקומען אין דער וואַרשעווער קהלה — וואו איך בין געווען אַן עקזעקוטיוו־מיטגליד, און דערציילט דאָס איך האָב אַליין געזען, ווי אויף פּזשעכאָדניע גאַס האָבן דייטשע סאָלדאַטן פאַרהאַלטן יידן און געראַבעוועט ביי זיי זייגערלעך און געלט.

מיינע חברים אין דער עקזעקוטיווע האָבן פּשוט ניט געוואָלט גלייבן: „ווי אַזוי שיקט זיך דאָס סאָלדאַטן פון דער רעגולער זיגרייכער אַרמיי ראַבעווען אין גאַס? אפשר זיינען דאָס איבערגעטוענע באַנדיטן?" איך האָב געמוזט אַ פּאָר מאָל פייערלעך פאַרזיכערן, אַז דאָס איז אמת. דאַן האָט מען דאָס פּראָטאָקאָלירט און פאַרשריבן אין דער געשיכטע: אַזאַ עוולה — דייטשע סאָלדאַטן זיינען גענגסטערס — „הער יעקע, שעמען זיי זיך!" שפּעטער האָבן מיר פּראָטאָקאָלירט הונדערטער אַזעלכע פאַקטן, ווי שוין ניט סאָלדאַטן, — נאָר עלעגאַנטע נאַצישע אָפיצירן האָבן זיך אַריינגעריסן אין וואוינונגען פון רייכע יידן און געראַבעוועט צירונג, נאָכהער האָבן מיר פאַרשריבן, ווי אַזוי דייטשן שניידן אין מיטן גאַס בערד ביי יידן.

איך וועל ניט פאַרגעסן אַזאַ סצענע, וועלכע איך האָב פּערזענלעך צוגעזען אויפן פּלאַץ פון „אייזערנעם טויער": צוויי דייטשע סאָלדאַטן האָבן פאַרהאַלטן אַ יידן מיט אַ שיינער באָרד; איינער פון זיי האָט אַרויסגענומען אַ שער און אָפּגעשוירן אַ האַלבע באָרד. דאָס מערקווירדיקסטע אָבער איז געווען, ווי רואיק, ווי שטאָלץ דער ייד איז געשטאַנען בעת דער אָפּעראַציע, — אָביסל בלאַס, — האָט זיין פּנים ניט פאַרלוירן די ווירדע פון אַ תלמיד־חכם. ער האָט געקוקט איבער די קעפּ פון די באַנדיטן און אין די בלישטשנדיקע אויגן האָט מען געקאָנט לייענען: „שוין געזען אַזעלכע זאַכן: די באָרד וועט אָפּוואַקסן, — איר אָבער, — מערדער, וועט אונטערגיין". שפּע־

טער, אַ געשענדעטער האָט ער פֿאַרבונדן די איבערגעבליבענע האַלבע באָרד מיט אַ רויט טיכל, אַזוי ווי די ציין וואָלטן ווי געטאָן, און געגאַנגען זיין וועג. אַ סך אַזעלכע יידן מיט פֿאַרבונדענע געזיכטער זיינען דאַן אַרומגעגאַנגען אויף די גאַסן פֿון וואַרשע.

שפּעטער האָט מען געכאַפּט יידן אויף אַרבעט: נאָר יידן — אויב מען האָט על־פּי־טעות געכאַפּט אַ קריסט, פֿלעגט מען אים איבער־בעטן און אָפּלאָזן. מען האָט אָפּטמאָל די יידן געהייסן טאַנצן ביי דער אַרבעט, אָדער זינגען און מיט דעם פֿאַרווילן זייערע אויפֿזעער: איך געדענק איינעם אַזאַ פֿאַקט. ווען מען האָט ביי אונז פֿון דער קהלה גענומען אַרום צוויי הונדערט אַרבעטער אין דער וואַרשעווער פֿעסטונג (ציטאַדעל), און דאָרט נאָך אַ טאָג שווערער אַרבעט, האָט מען אַ טייל פֿון זיי געשלאָגן. אונזער דעלעגאַציע איז אויפֿן צווייטן טאָג גלייך געלאָפֿן מיט אַן אָנקלאַגע צום שעף פֿון די בוי־אַרבעטער, אַ דייטשער אָפֿיציר, און ער האָט אונז פֿאַרזיכערט, אַז מיר מעגן שיקן ווייטער אַרבעטער, אַז מער וועט מען זיי שוין ניט שלאָגן.

און ווידער אַמאָל האָבן מיר אַלץ פֿאַרשריבן אין אונזערע פּראָ־טאָקאָלן. זיי געפֿינען זיך היינט ביים סענאַטאָר קערנער אין ירושלים, און איך בין זיכער, אַז ווען ער לייענט זיי דורך און פֿאַרגלייכט מיט די דייטשע באַרבאַרייען פֿון היינט, טוט ער אַ טרויעריקן שמייכל אויף דעמאָלטיקער נאַאיוויטעט, אַז עס זיינען פֿאַראַן גרענעצן צו דיי־טשער ווילדקייט.

עס קומט מיר לעצטנס אויס צו לייענען אָריגינעלע פּראָטאָקאָלן, וואָס די דייטשן טוען מיט כשרע אַריער, — נאָך מער, מיט אַמאָל וועלט־באַקאַנטע אַנטיסעמיטן, און ווי אַ קינדער־שפּיל, קוקן שוין אויס זייערע מעשים אין די ערשטע טעג פֿון דער אָקופּאַציע.

אָט לייען איך, ווי אַזוי אין דער פֿאַבריק־שטאָט זגיערזש, לעבן לאָדזש, האָט מען דורכגעפֿירט אַ מאַסן־עקזעקוציע אינמיטן מאַרק. אַמאָל זיינען אין זגיערזש געווען יידישע פֿאַבריקאַנטן און יידישע אַרבעטער, יידישע אינטעליגענטן און תּלמידי־חכמים. היינט אָבער איז קיין ייד אין שטאָט ניט געבליבן. ניט לאַנג האָט מען דאָרט ביי־נאַכט דערשאָסן אויף טויט אַ זשאַנדאַרמען־אָפֿיצער. ווען מען האָט אין דער פֿרי זיין קערפּער געפֿונען, האָט מען גלייך מיט פּייפֿערייען און גלאָקן צונויפֿגעזאַמלט אויפֿן מאַרק אינמיטן שטאָט איינציקע טויזנט פּאָליאַקן און דער מיליטער־קאָמענדאַנט האָט געגעבן דעם עולם צען מינוט צייט מען זאָל אַרויסגעבן די שולדיקע אין מאָרד.

ווען קיינער האָט זיך ניט אָפּגערופן, האָט מען אַרויסגעפירט פון טורמע 50 אַרעסטירטע פאַר פּאַטריאָטישער אַרבעט פּאָליאַקן, און אין אַנוועזנהייט פון די טויזנטער צשויער איינציקוויז מיט שווערדן זיי דערשטאָכן.

צווישן די דערשטאָכענע זיינען געווען די באַקאַנטע ענדעקישע אָנפירער לעאָן טרעלל פון פויזן און קאַזשמיערז קאָוואַלסקי פון לאָדזש. דעם לעצטן געדענקען דאָך אַלע לאָדזשער יידן אַלס אַ פאַרביסענעם קעגנער זייערן אין לאָדזשער שטאָטישן ראָט. זיינע אַרויסטרעטונגען קעגן יידן זיינען געווען אַזוי שאַרף, אַז אַפילו אַ נאַצי האָט זיך מיט זיי ניט געדאַרפט שעמען. איצט איז ער געפאַלן פון נאַצישן שווערד, בוכשטעבלעך פון אַ שווערד, ווייל דער רעפּאָרט דערציילט, אַז ווען ער האָט אויפגעהויבן זיין האַנט, כדי זיך איבערצו׳צלמ׳ען פאַר דעם טויט, האָט מען אים פריער אָפּגעהאַקט די האַנט און דערנאָך אים אינגאַנצן דערמאָרדעט.

די דייטשן האָבן אויך פולשטענדיק געענדערט זייער טאַקטיק פון די ערשטע אָקופּאַציע־טעג. ווען מען האָט געכאַפּט נאָר יידן אין די גאַסן אויף שקלאַפן־אַרבעט. דאָס איז געווען אין יענע טעג, ווען איך האָב געזען אויף קרולעווסקע גאַס אין וואַרשע, ווי מען לאַדעוועט אויס איינציקוויז פון אַ לאַסטוואָגן געכאַפּטע חסידישע יידן, כדי זיי זאָלן אויפראַמען די רואינען פון דער לוטעראַנישער קירכע. איך האָב דאָן געזען, ווי אַ גרופּע יונגע שבעקעס, ווייזט אויס סטודענטלעך, שטייען און קלייבן נחת פון די יידן, וועלכע מען טרייבט מיט בייטשן צו דער אַרבעט. איינער פון זיי האָט זיך אַפילו אָפּגערופן מיט געלעכ־טער: „זע נאָר! זיי זעען דאָך אויס ווי געכאַפּטע הינט"...

און עס האָט געדויערט נאָר אייניקע מאָנאַטן און שוין האָט זיך אויף די וואַרשעווער גאַסן אָנגעהויבן אַ ווילדע יאַגד אויף כשרע הונדערט־פּראָצענטיקע אַריער, אויף גלויביקע קאַטויליקן, וואָס גייען אין קירכע. מען כאַפּט זיי אַזוי ווי זיי שטייען און גייען! מענער ווערן פאַרשיקט אויף שקלאַפן־אַרבעט; צענדליקער טויזנטער פרויען, מערסטנטיילס יונגע, זיינען באַזעצט געוואָרן אין ספּעציעלע מיליטע־רישע שאַנד־הייזער לענגאויס דעם רוסישן פראָנט. עס ליגט פאַר מיר אַ צעטל פון קאָנצענטראַציע־לאַגערן, וועלכע זיינען צעוואָרפן איבער גאַנץ פוילן; דערבייי געפינען זיך נאָך אין אייניקע פון זיי יידן צוזאַמען מיט קריסטן. די אַלע איבעריקע זיינען אויסשליסלעך די פריווילעגירטע פּאָליאַקן. יידן געפינען זיך אין פאָלגנדע קאָנצענט־

ראַציע־לאַגערן: אָשוויענצים, בעלזשעץ, סאָביבאָר, לעבן וואָלאָדאַווע, טרעמבלינקע, לעבן מאַלקין, קאָסאָווע, טראַווניקי, פּאָמיעכובעק, לעבן פּולטוסק, סטאַראָגראַד, פּאָטוליצע און אין אַ דאָרף לעבן כעלם.

מיר האָבן שוין דערציילט וועגן די שרעקלעכע גאַז־קאַמערן אין טרעמבלינקע, בעלזשעץ און סאָביבאָר. דאָ ווערן מענטשן געבראַכט נאָר אויף אייניקע טעג, כּדי דערשטיקט צו ווערן דורך גאַזן, אָבער אין די איבעריקע קאָנצענטראַציע־לאַגערן האַלט מען זיי לענגער, אַזוי לאַנג, ביז זיי ווערן אויסגעמאַטערט פֿון הונגער, פּייניקונגען און קראַנקהייטן — ביז די געמאַטערטע שטאַרבן אַליין אויס און די קערפּערס ווערן פֿאַרברענט אויף אַש אין איינעם פֿון די פֿילע קרע־מאַטאָריומס, וועלכע אַרבעטן אין די לאַגערן בייטאָג און ביינאַכט. אין אָשוועצים, צום ביישפּיל, זיינען אין יולי 1943 געווען 23,000 אַרעסטאַנטן, צווישן זיי אַן ערך אַכט טויזנט יידן. דורך די לעצטע דריי יאָר זיינען אין דעם לאַגער געבראַכט געוואָרן אַרום 100,000 מענטשן. באַפֿרייט געוואָרן זיינען דורך דער צייט נאָר יחידים, אַזוי, אַז ניט ווייניקער ווי 70,000 מענטשן, געכאַפּטע אין גאַסן, זיינען דאָרט אומגעקומען און פֿאַרברענט געוואָרן אויף אַש. אין קאָנסטאַנטינאָוו, ביי לאָדזש, איז פֿאַראַן אַ ספּעציעלער קאָנצענטראַציע־לאַגער פֿאַר קאַטוילישע גייסטלעכע, און אין העלענאָוו, הינטער לאָדזש, דאָרט וואו עס האָט זיך אַמאָל געפֿונען דער באַרימטער יתומים־הויז, האָבן די נאַציס איינגעאָרדנט אַ טייוולשע אינסטיטוציע: דאָס איז אַ לאַבאָראַ־טאָריע, וואו מען מאַכט עקספּערימענטן, ווי אַזוי צו פֿאַרבעסערן די ראַסע. מיר האָבן געוואוסט פֿון אַזוינע אינסטיטוציעס פֿאַר פֿערד, פֿאַר הינט, אָדער פֿאַר מייז. אַז מען זאָל אָבער נעמען, צום ביישפּיל, אַ לעבעדיקן רוס, אָדער פּאָליאַק, אָדער טשעך, און באַהעפֿטן אים געשלעכטלעך מיט אַ ציגיינערין, אָדער מיט פּרויען פֿון אַנדערע אַזיאַטישע ראַסעס, און דערנאָך, אַזוי ווי אין אַ לאַבאָראַטאָריע, נאָכזען די רעזולטאַטן, שיער ניט אונטער אַ גלאָז, דאָס האָט נאָך די ציווילי־זירטע וועלט ניט געהערט. אַז מען דאַרף, מאַכט מען דאָרט וויווי־סעקציעס, דאָס הייסט, מען שניידט לעבעדיקע גלידער פֿון איין ראַסע און מען פֿלאַנצט זיי איבער אין אַן אַנדערער: שפּעטער מאַכט מען אָפּעראַציעס און בלוט־אַנאַליזעס איבער די ניי־געבוירענע קינדער אַזוי ווי זיי וואָלטן געווען שטשורעס אָדער קראָליקעס...

די דייטשן פֿאַרדעקן אָט די דאָזיקע ראַסן־לאַבאָראַטאָריעס מיט אַ געהיימניספֿולן שלייער אָבער דאָך וויסן מיר שוין פֿון

נאָך אַנדערע אַזעלכע לאַבאָראַטאָריעס, אויסער דער דערמאָנטער אין לאָדזש.

אַן אונטערערדישע ידיעה פֿון פּוילן האָט די טעג מיטגעטיילט, אַז אין לאַגער פֿון אָשוויענטשים, אין באַראַק נומער 10, האָט מען נאָר וואָס געעפֿנט אַן עקספּערימענטאַלע סטאַנציע און עס זיינען דאָרט אָנגעקומען באַקאַנטע פּראָפֿעסאָרן פֿון בערלין. מען האָט דאָרט אָפּגעטיילט 200 יידישע מענער־אַרעסטאַנטן און מען האָט זיי קאַסטרירט, דאָס הייסט, מען האָט זיי אויסגעשניטן די געשלעכטס־אָרגאַנען. דאָס לערנט מען אויף זיי די נייע האָרמאָנען־טעאָריע, ווי צו פֿאַרוואַנדלען איין געשלעכט אין צווייטן. אין ניו יאָרק מאַכט מען אויך די זעלבע פּראָבעס, אָבער נאָר אויף הינער און העגער... אויסער דעם האָט מען אין דעם זעלבן באַראַק אָפּגעצוימט 25 יונגע יידישע מיידלעך און די באַרבאַרישע געלערנטע האָבן זיי קינסטלעך, דורך פֿאַרשיידענע כעמישע רעצעפּטן, — באַפֿרוכפּערט.

אָט די אַלע משונהדיקע ווילדקייטן קעגן די געטלעכע און מענטשלעכע געזעצן, וועלן, פֿאַרשטייט זיך, צוגערעכנט ווערן צום גרויסן צעטל פֿון די דייטשע שולדן, און מיר דאַרפֿן נאָר בעטן, אַז עס זאָלן זיך געפֿינען די געהעריקע נקמה־נעמער און ניט קיין צעקראָכענע פֿילאַנטראָפּן, ווען דער חשבון וועט צוגעשטעלט ווערן...

און אַז מען רעדט שוין וועגן נקמה, ווילט זיך זאָגן אַ פּאָר ווערטער וועגן דעם הויפּט־הענקער הימלער, וועלכן מען האָט לעצטנס דערהויבן צום אינערן־מיניסטער פֿון דייטשלאַנד.

די אַנגלאָ־זאַקסישע פּרעסע האָט ביי דער געלעגנהייט דערמאָנט, אַז הימלער איז דער אַם מייסטן פֿאַרהאַסטער מענטש אין דייטשלאַנד גופֿא, — איז געווען אינטערעסאַנט צו באַמערקן, ווי די נאַציבעסטיעס האָבן זיך דערפֿון באַליידיקט! סטייטש, הימלער, דער רואיקער פֿאַמיליען־מענטש, דער טאַטע פֿון פֿיר קינדערלעך, דער מענטש אין די ברילן מיטן פּנים פֿון אַ פֿאָלקס־לערער, — אים האָט דאָך דייטשלאַנד ליב אַהבת נפֿש, — אַזוי האָבן געטענהט אַלע ראַדיאָס פֿון בערלין, אין די פֿרייע שטונדן, ווען מען האָט זיי ניט באָמבאַרדירט. וויל איך טאַקע נאָר ברענגען נאָך צוויי ביישפּילן, אויף וואָס עס איז פֿעאיק אַ דייטש מיטן טאַמעוואַטן געזיכט פֿון אַ געלערנטן; דערציילט האָט דאָס מיר פּערזענלעך דער מענטש, וואָס האָט געאַרבעט אין דער אונטערגרונד־באַוועגונג און געפֿינט זיך איצט אין אַמעריקע. עס איז פֿאָרגעקומען אין יענע שרעקלעכע טעג פֿאַראַיאָרן, ווען די יידישע קהלה אין וואַרשע האָט געדאַרפֿט צושטעלן יעדן טאָג אייניקע

טויזנט יידן, כּדי אַוועקצופֿירן זיי צו דעם שחיטה־פּלאַץ. מען האָט דורכן טאָג פּשוט ניט געקאָנט באַווייזן צו כאַפּן אין די הייזער און אין די הויפֿן אַזוי פֿיל יידן, וויפֿיל די בלוט־הינט האָבן געפֿאָדערט. וואָס האָט מען געטאָן? פֿלעגן אַרומפֿאָרן איבער די מיט פּאַניק דורכגענומענע געטאָ־גאַסן ריקשעס, — דאָס הייסט, וועגעלעך, וועלכע זיינען געשלעפּט געוואָרן דורך איינגעשפּאַנטע יידן, אין די וועגעלעך פֿלעגן זיצן נאַצי־כאַפּערס מיט לאַנגע שטריק, אין די הענט, און פֿאַרוואַרפֿן זיי אויף די העלדזער פֿון די אַוועקלויפֿנדיקע קרבנות, און אַזוי האָט מען זיי פֿאַרפּעטלעוועטע, געשלעפּט צו די טויטן־וואַגאָנעס אויף סטאַווסקי גאַס.

נאָך אַלס קינד פֿלעגט מיר אַמאָל אויסקומען צו זען אין מיין שטאָט ביאַליסטאָק, ווי דער היצעל פֿלעגט אין אַ פֿאַרטאָג כאַפּן היימלאָזע הינט מיט זיין פּעטליע און שלעפּן זיי צום פֿאַרמאַכטן וואָגן. דאָס איז שוין דאַן געווען פֿאַר מיר אומפֿאַרגעסלעך־באַרבאַריש. דאָס זיינען געווען נאָר הינט. אָבער הימלער האָט זיך דערטראַכט צו דעם, ווי אַזוי צו כאַפּן מענטשן, אונזערע שוועסטער און ברידער, אויף גאַסן פֿון וואַרשע...

אַט דערציילט מען אין אַ פּוילישער אונטערערדישער צייטונג, ווי אַזוי מען לערנט אויס הינט, זיי זאָלן יאָגן און כאַפּן אומגליקלעכע מענטשן. די דייטשן, ווי באַקאַנט, זיינען זייער סענטימענטאַל און פֿאַרליבט אין הינט. אַן עדות דערציילט אַ סצענע, ווי אַזוי אַן אָרעמער הענדלער איז אַריבערגעשוואומען דעם טייך בוג, לעבן בריסק, מיט אַ קויש עסנוואַרג אויפֿן קאָפּ, וועלכן ער האָט געוואָלט פֿאַרקויפֿן אויף דער צווייטער זייט פֿון בוג. אָבער אַ דייטשער אָפֿיציר האָט צוגעזען, ווי עס שווימט דער אָרעמער הענדלער. דער אָפֿיצער איז געשטאַנען מיט זיין הונט. אַ פֿייף איז געווען גענוג, אַז דער גרויסער וואָלף־הונט זאָל זיך איינבייסן אין קערפּער פֿון הענדלער און ברענגען אים צו שלעפּן צו זיין בעל־הבית. אַ פּאָכע מיטן באַיאָנעט און דער „פֿאַרברעכער" איז געקוילעט. און מיט דער זעלבער האַנט, וואָס האָט נאָר וואָס דערשטאָכן אַ מענטשן, גלעט דער דייטש צערטלעך זיין הונט, שפּייזנדיק אים מיט די וואורשטלעך, וואָס זיינען אַרויסגעפֿאַלן פֿון הענדלערס קויש.

## ט.

**וויפיל יידן זיינען נאָך געבליבן אין פּוילן? • וועגן געטאָס אין אַנדערע שטעט • וואו נאַצים האָבן ליקווידירט יידן און וואו זיי לאָזן זיי דערוויילי צורו • געטאָ אין לאָדזש עקזיסטירט נאָך • דער אויפשטאַנד אין ביאַליסטאָקער געטאָ • דער חורבן אין סלאָנים און אַ ריי אַנדערע שטעט.**

דער געזונטער אינסטינקט פון לעבן זאָגט אונז אונטער, אַז ניט געקוקט אויף אַלע איוב־ידיעות, וועלכע קומען צו אונז טאָג־טעגלעך, — האָבן אונזערע ברידער, וויניקסטנס אַ טייל פון זיי, דאָך באַוויזן זיך אויסצובאַהאַלטן, צוצופּאַסן זיך צו די באַדינגונגען ביז דער אומגליק וועט אַריבערגיין.

גלויבן דאָך, מיר יידן, אַז אַפילו הינטער די הרי־חושך קענען זיך באַזעצן און איינאָרדענען די עשרת־השבטים; ליגט דאָך אין דער דאָזיקער לעגענדע דער טיפער בטחון, וואָס האָט איינגעהאַלטן ביים לעבן אונזער יידיש פאָלק.

אויך איך, ווען איך ברענג דאָ די דאָזיקע פאַקטן און דאָקומענטן, גלויב באמונה שלמה, אַז פיל, פיל פון אונזערע ברידער האָט זיך איינגעגעבן צו אַנטלויפן פון אונטערן חלף, אַז אין פאַרשיידענע באַהעלטענישן, אין וועלדער, אין דערפער אין קריסטלעכע הייזער, לעבן זיי און האָפן איבערצוקומען דעם קאָשמאַר און צוריק זיך באַהעפטן מיטן יידישן פאָלק.

אַ געוויסע באַשטעטיקונג פאַר אונזער מיינונג געפינען מיר אין די עטלעכע שורות פון אַ גרויסן געהיימען באַריכט, וועלכער איז אָנגעקומען אין חודש יוני 1943. דאָרטן רעדט זיך וועגן דער לאַגע פון פּאַליאַקן, ווייס־רוסן, ליטווינער, אוקראַינער. אפשר פוּפציק זייטן זיינען געווידמעט זייערע פּראָבלעמען. אָבער דאָרט זיינען פאַראַן סך־הכל עטלעכע שורות, וואָס זיינען געווידמעט די יידן אין לאַנד:

„וועגן דער לאַגע פון דער יידישער באַפעלקערונג איז פּשוט ניטאָ וואָס צו רעדן. פון איין זייט אַ פּרימיטיווער, נאַקעטער, חיה׳שער קאַמף מצד די יידן, כדי צו בלייבן לעבן, פון דער אַנדערער זייט — בעסטיעס, כיטרע, בלוט־דורשטיקע, — ווענדן אָן מיטלען, וועלכע זיינען גאָר אין דער מענטשלעכער געשיכטע ניט באַוואוסט, כדי די יידן צו פאַרניכטן.

„מיר, (דאָס הייסט, דער קריסטלעכער געהיימער אַגענט, וואָס שרייבט דעם באַריכט) דאָ זעען ניט קיין שאַנסן, אַז די „אויסראָטונגס־

פּאָליטיק אין באַצוג צו יידן זאָל שוואַכער ווערן. אַלע נייע ישובים ווערן ליקווידירט מיט די זעלבע מיטלען, ווי די לעטישע און ליטווינער האָבן דאָס באַנוצט אין זייערע לענדער.

„לעצטנס איז דער צענטער פון אַזאַ אַנפאַל געווען לעמבערג. דעם 6טן יאַנואַר, 1943, האָט מען דאָרט פאַרניכטעט זיבן טויזנט יידן. אַנדערע טויזנטער האָט מען אַרויסגעפירט אין אַן אומבאַוואוסטער ריכטונג אָן וואַרעמער קליידונג, אָן עסנוואַרג אין אַ גרויסן פראָסט.

„נאָר אין ביאַליסטאָקער ראַיאָן האַלטן זיך נאָך די יידישע געטאָס. אויך אין גראָדנע און אומגעגנט, ווי מיר הערן, קויפן זיך דאָרט די יידן אויס מיט אויסאַרבעטן טעקסטיל־פאַבריקאַטן פאַר דער דייטשער אַרמיי.

„מיר קענען דאָ, אין וואַרשע, איצט ניט אָפּשאַצן, וויפל יידן עס וועלן בלייבן לעבן נאָכן קריג, און אין וועלכע פסיכישע באַדינגונגען זיי וועלן זיך געפינען. זייער פיל יידן זיינען באַהאַלטן צווישן דער פוילישער באַפעלקערונג. ניט אַלע איבעריקע זיינען אויסגעמאָרדעט געוואָרן".

אין אָט די עטלעכע שורות קענען מיר געפינען אַ באַשטעטיקונג פאַר דעם אָפּטימיזם, וועלכן איך האָב פריער אויסגעדריקט, אַז אפשר וועט דאָך נאָכן קריג אויפשטיין פון די „עצמות היבשות", פון די סקעלעטן, וועלכע מיר זעען פאַר זיך אין ווייטן בלוטיקן מדבר, — אַ גרויסע מחנה; זאָל נאָר דער לעבעדיקער גייסט פון אונזער פאָלק בלייבן ברענען אין זיי.

דאָס אינטערעסאַנטסטע אין דעם געבראַכטן באַריכט איז די דערמאָנונג פון ביאַליסטאָק און גראָדנע אַלס געגנטן, וואו יידן האָבן זיך נאָך דערהאַלטן.

דער שרייבער פון די שורות איז איצט אימשטאַנד צו דערגענצן די דאָזיקע ידיעה, וועלכע איז פון אַזאַ גרויסער וויכטיקייט פאַר אונזערע אַמעריקאַנער יידן, וועלכע האָבן קרובים אין יענע געגנטן.

די נאַציס האָבן פון דער אַמאָליקער גראָדנער גובערניע צוזאַמען מיט קליינע טיילן פון גראַיעווער און שטוטשינער געגנט (לאָמזער גובערניע) אויסגעטיילט אַ ספּעציעלן געביט, וועלכער איז אַדמיניסטראַטיוו אויסגעשניטן פון פוילן און אונטערשטייט דירעקט דער רעגירונג פון בערלין.

דער הויפּט פון דעם דאָזיקן דיסטריקט איז אַלבערט קאָך, אַ זון פון אַ זייער פּאָפּולערן דייטשן פאַבריקאַנט אין ביאַליסטאָק.

צי די סיבה פֿאַרוואָס דער דאָזיקער נאַצי־גדול האָט אַ צייט ניט דערלאָזן פֿאַרניכטן די ביאַליסטאָקער יידן, איז אַ לאָקאַל־פּאַטריאָטישע: זיין צוגעבונדנקייט צו דער היימאַט־שטאָט, וואו ער איז אויסגעוואַקסן; צי עס זיינען געווען אַנדערע סיבות, ווייסן מיר דערוויילי ניט. עס איז אָבער אַ פֿאַקט, אַז אין דאָקומענטן וואָס שטאַמען פֿון ענגלישע „אינ־טעלעדזשענס”־קוואַלן, געפֿינען מיר ניט קיין שלעכטע גרוסן וועגן דעם דאָרטיקן יידישן לעבן.

מיר דערוויסן זיך, אַז די געטאָ אין ביאַליסטאָק האָט פֿאַרנומען אַ גאַנץ גרויסן שטח, — מער ווי אַ העלפֿט פֿון דער גאַנצער שטאָט.

די געטאָ איז געווען אָפּגעצאַמט מיט שטעכעדיקע דראָטן (ניט קיין מויער) פֿון באַנהויף, אַריינגענומענדיק נאָוואָליפּיע, כאַנאַי־קעס און פּילסודסקיס מיט די אַרומיקע גאַסן ביז דער גרויסער קירך און דער אַמאָליקער ניקאָלאַיעווסקע גאַס. אויף דעם שטח האָבן געוואוינט אַרום זעכציק טויזנט יידן. אַ גרויסער טייל פֿון זיי איז גע־בראַכט געוואָרן פֿון די אַרומיקע שטעטלעך, ווי זאַבלודאָווע, וואַשלי־קאָווע, סאָקאָלקע און אַנדערע.

דער יידישער קהלה־ראַט האָט זיך צוזאַמענגעשטעלט פֿון מענטשן, וועלכע האָבן שוין אַמאָל פֿאַרנומען אָנגעזעענע געזעלשאַפֿטלעכע פּאָ־זיציעס. דער פּרעזידענט פֿון דער קהלה, אפֿרים באַראַש, וועלכער איז געווען סעקרעטאַר פֿון דער קהלה בעת דער פּוילישער הער־שאַפֿט, אַן אינזשינער, אַ מענטש פֿון גרויסע אָרגאַניזאַטאָרישע פֿעאיקייטן און געוויס אַן איבערגעגעבענער, געטרייער ייד. זיין שטו־דיום האָט ער געמאַכט אין דייטשלאַנד.

די יידישע פּאָליציי איז באַשטאַנען פֿון 150 יונגעלייט אונטער דער אָנפֿירערשאַפֿט פֿון יצחק מאַרקוס, וועלכער איז אין די אַמאָליקע צייטן געווען דער פּאָפּולערער שעף פֿון די פֿייערלעשער. דער אָפֿיציעלער רב פֿון דער קהלה, — אָנערקענט דורכן דיסטריקט־הויפּטמאַן, איז געווען דער אַמאָליקער רב ד״ר ש. ראָזענמאַן.

דער אויפֿזעער אויפֿן געזונט פֿון די יידן איז געווען דער אַלטער און באַוואוסטער יידישער מעדיצינער ד״ר רייגראָדסקי.

אַלע יידן האָבן געטראָגן ווייס־בלויע בענדער מיטן אויפֿשריפֿט „יודע”.

די קהלה האָט אַזוי אָרגאַניזירט די אַרבעט אין די פֿאַבריקן, אַז אַלע יידן, מענער און פֿרויען, אַ חוץ קראַנקע און אַלטע, פֿלעגן אין מיליטערישע רייען אָפּגעפֿירט ווערן פֿון געטאָ צו די געביידעס וואָס האָבן זיך געפֿונען מערסטנס אויסער דער געטאָ. דאָרט האָט מען גע־

אַרבעט אין דריי שיכטןביים אַלטן ביאַליסטאָקער פּאַך: געמאַכט סחורות פון שמאַטעס.

די קהלה האָט באַקומען און אויסגעצאָלט די שכירות צו די אַרבעטער, מיטן אָפּצוג פון אַ געוויסער סומע אויף אויסצוהאַלטן דעם טייל פון דער באַפעלקערונג, וועלכער איז ניט אַרבעטס־פעאיק, און אויך אויף אויסצוהאַלטן צוויי יידישע שפּיטאַלן.

עס זיינען פאַראַן אין אונזער באַזיץ גאַנץ גענויע ידיעות וועגן דער פּראָדוקציע, וועגן די פאַבריקן און וועגן דער צאָל אַרבעטער. אָבער דאָס געהערט שוין צו דער קאַטעגאָריע פון מיליטערישע ידיעות און קענען ניט פאַרעפנטלעכט ווערן.

וועגן גראָדנע ווייסן מיר, אַז דאָרטן האָבן געאַרבעט 20,000 יידן אויף ספּעציעלע מעכאַנישע וואַרשטאַטן. דערביי איז די אײ־נערלעכע אָרגאַניזאַציע פון דער קהלה געווען די זעלבע ווי אין ביאַליסטאָק. כאָטש וואָלקאָוויסק געהערט אויך צום ביאַליסטאָקער דיסטריקט, איז אָבער וועגן די דאָרטיקע יידן גאָרניט באַקאַנט. דאַקעגן ווייסן מיר אָבער וועגן פיל וואָלקאָוויסקער יידן, וואָס האָבן געאַרבעט אין ביאַליסטאָק.

איך האַלט די דאָזיקע אינפאָרמאַציעס פון דער גרעסטער וויכ־טיקייט, ווייל טראָץ אַלע שפּעטערדיקע ידיעות, איז אָנצונעמען, אַז אַ טייל פון די דאָזיקע יידן האָט זיך, ווי עס איז, געראַטעוועט אין די דערפער, וואָס די ידיעות גיבן אָן אָנווייזונג, אַז אויך אין אַנדערע געגנטן אין פּוילן זיינען אפשר געשאַפן געוואָרן ענלעכע באַדינגונגען און אויף אַזאַ אופן זיינען קאָנסערווירט געוואָרן גרויסע טיילן פון אונזערע ברידער און שוועסטער אין פּוילן.

* * *

פון די לעצטע אונטערערדישע צייטונגען, וועלכע דערשיינען אין פּוילן און זיינען דאָ אָנגעקומען, נעמען מיר אַרויס אייניקע אינ־טערעסאַנטע עפּיזאָדן, וועלכע וואַרפן אַ ליכט אויף די לעבנס־באַדינ־גען אין יענע געגנטן.

אין דער צייטונג „רזשעטש־פּאָספּאָליטאָ פּאָלסקאָ" (פּוילישע רעפּובליק) לייענען מיר:

„דעם 26טן אַפּריל 1943, האָבן צוויי זשאַנדאַרמען אויף פּאָז־נאַסקע גאַס אין וואַרשע באַגעגנט אַ יונגן בחור פון אַ יאָר צוואַנציק, וועלכער האָט זיך זיי אויסגעוויזן פאַרדעכטיק אַלס אַ ייד. אַזעלכע „פאַרברעכער" קענען דאָך ניט שפּאַצירן פּראַנק און פריי אויף דער „אַרישער" ערד. די זשאַנדאַרמען האָבן אים געפרעגט זיין נאָמען.

— בערסאָן, — האָט דער יונגערמאַן געענטפֿערט.

— אַהאַ, געוויס אַ ייִד! — אַ זעץ געטבנדיק דעם יונגנמאַן אין פּנים, האָבן די זשאַנדאַרמען פֿון אים געפֿאָדערט פּאַפּירן. דער קרבן, אַ צעבלוטיקטער, האָט אָנגעהויבן פּראָטעסטירן. די זשאַנדאַרמען האָבן ניט לאַנג געטראַכט און דערשאָסן דעם בחור אויף טויט.

אָבער גלייך האָט זיך אַרויסגעוויזן זייער טעות. דער יונגער־מאַן איז געווען וולאַדימיר בערסאָן, אַ ניינצן־יאָריקער אייניקל פֿון דעם אַמאָל פּראָמינענטן און פֿירנדיקן יחוס אין וואַרשע: זיין עלטער־זיידע איז שוין געווען געשמדט, און זיין מוטער, אַ געבוירענע דייטשקע, איז אַ מיטגליד פֿון דער נאַצי־פּאַרטיי. זי איז אַראָפּגעבראַכט געוואָרן פֿון בערלין קיין וואַרשע און דאָ פֿאַרנעמט זי דעם פּלאַץ פֿון דער לייטערין פֿון דערציאונגס־ און שול־סיסטעם.

איצט האָט זי צום ערשטן מאָל, אויף איר אייגענער הויט, געקאָנט אויספּרובירן די רעזולטאַטן פֿון איר דערציערישער תורה.

עס איז געוואָרן אַ סקאַנדאַל. די זשאַנדאַרמען האָבן באַקומען די געוויינלעכע שטראָף: פֿאַרשיקט צו ווערן אויפֿן רוסישן פֿראָנט.

* * *

איינע פֿון די וויכטיקסטע און אָנגעווייטיקטסטע פֿראַגן, וועלכע מאַטערן יעדן פֿון אונז, איז: וויפֿיל ייִדן זיינען פֿאָרט געבליבן לעבן ביי היינטיקן טאָג אין די לענדער אונטער דער היטלער־הערשאַפֿט?

די ידיעות, וואָס קומען צו אונז אָן יעדן טאָג פֿון פֿאַרשיידענע זייטן, וואַרפֿן פּשוט אָן אַ מורא, אַז דער נאַצי־הענקער האָט שוין, חלילה, אויסגעמאָרדעט אונזער גאַנץ פֿאָלק אין פּוילן; אַז די קאַטאַסט־ראָפֿע האָט שוין דערגרייכט איר העכסטן פּונקט. גראָד איצט קען איך אָבער אַ ביסל לייכטער מאַכן אונזער געמיט דורך דער בשורה, אַז עס טליעט נאָך אַ האָפֿענונג, דאָס אַ באַדייטנדער טייל פֿון אונזערע ברי־דער אין פּוילן לעבט און ליידט אין אייניקע גרעסערע געטאָס.

איך בין צופֿרידן דאָס פֿעסטצושטעלן אויפֿן סמך פֿון נייע פֿאַקטן, וועלכע געפֿינען זיך אין מיין באַזיץ. נאָך מער בין איך צופֿרידן דאָס צו טאָן דערפֿאַר, וואָס מיט אַ צייט צוריק האָט ד"ר עמיל שמאָראַק, מיטגליד פֿון דער „ייִדישער אַגענטור" אין ירושלים, דער־קלערט אויף אַ זיצונג דאָרט, אַז ער האַלט, אַז אין פּוילן זיינען מער ניט געבליבן ביי היינטיקן טאָג ווי צוויי הונדערט טויזנט ייִדן. ד"ר שמאָראַק — דאַרף מען וויסן — איז אַ לענגערע צייט געזעסן אין איסטאַמבול, טערקיי, און געפֿאָרשט די לאַגע פֿון די ייִדן דורך פֿאַר־שיידענע קאַנאַלן. אויב זיין ציפֿער פֿון 200 טויזנט איז ריכטיק, וואָלט

דאָס געווען זייער און זייער ביטער. מען טאָר ניט פֿאַרגעסן, אַז ביזן קריג זיינען אין פּוילן געווען אַרום דריי מיט אַ האַלב מיליאָן יידן! וואָלט דאָך געהייסן, אַז מער ווי דריי מיליאָן יידן זיינען שוין מער נישטאָ.

אַנדערש זעט אויס דאָס בילד אין דער באַלייכטונג פֿון די אויס־פֿאָרשונגס־אינסטיטוטן ביי די גרויסע אַמעריקאַנער אָרגאַניזאַציעס. זיי זיינען מער אָפּטימיסטיש און זאָגן: פֿון די אַכט מיליאָן יידן, וועלכע האָבן געוואוינט אין איירָאָפּע פֿאַרן קריג, זיינען דריי מיליאָן אומ־געקומען און צוויי מיליאָן האָבן זיך געראַטעוועט קיין סאָוויעט־רוסלאַנד. זיינען, הייסט עס, געבליבן אין גאַנץ איירָאָפּע איבער דריי מיליאָן יידן. פֿון זיי געפֿינען זיך נאָך אַנדערהאַלבן מיליאָן אין פּוילן. דאָס איז אויך אַ גענוג טרויעריקער סך־הכּל, אָבער ניט אַזוי שוואַרץ, ווי אין דעם דערמאָנטן באַריכט פֿון ד״ר שמאַראַק אין ירושלים.

אָבער אָט איז זומער 1943 אָנגעקומען קיין ניו יאָרק דורך אונטערער־דישע וועגן אַ באַריכט, וואָס עס איז געוואָרן פֿון צוועלף טויזנט פּעקלעך מיט געטריקנטע פּרוכטן, וועלכע אַ זייער פֿאַראַנטוואָרטלעכע יידישע אָרגאַניזאַציע האָט אַרויסגעשיקט פֿון אַ נייטראַלן לאַנד. די פֿירער פֿון דער אָרגאַניזאַציע האָבן דערמיט געוואָלט מאַכן אַ פּרואוו און דערגיין, צי קען מען טאַקע העלפֿן מיט שפּייז די יידן, וואָס שמאַכטן אין די געטאָס.

דער דערמאָנטער פּרואוו איז געמאַכט געוואָרן אין די חדשים מערץ און אַפּריל פֿון הייַנטיקן יאָר. עס זיינען צונויפֿגעזאַמלט געוואָרן אַ סך טויזנטער אַדרעסן פֿון יידן אין פֿאַרשיידענע שטעט און שטעט־לעך פֿון פּוילן און צו זיי זיינען דאָס די שפּייז־פּעקלעך אַדרעסירט געוואָרן פֿון יענעם נייטראַלן לאַנד אין איירָאָפּע. די גאַנצע אַקציע איז אונטערגענומען געוואָרן אַלס אַ „פּאַבליק סוירוויס״, און ביי קיינעם פֿון די קרובים, וואָס האָבן די אַדרעסן געגעבן, האָט מען פֿאַר די פּעקלעך קיין געלט ניט גענומען.

איצט ליגט פֿאַר מיר אַ פּאַק מיט דאָקומענטן, וועלכע דערציילן, מיט וואָס די דאָזיקע אַקציע האָט זיך געענדיקט.

אַלזאָ, פֿון די 12 טויזנט פּעקלעך זיינען עלף טויזנט אין גאַנצן פֿאַרפֿאַלן געוואָרן. פֿון זיי זיינען פֿיר טויזנט אָפֿיציעל קאָנפֿיסקירט געוואָרן דורך די נאַציס, און זיבן טויזנט זיינען גלאַט פֿאַרפֿאַלן גע־וואָרן. די דייטשן האָבן זיי פֿאַרטאַכלעוועט, אַזוי צו זאָגן, אומאָפֿיציעל.

אַרום טויזנט פּעקלעך זיינען יאָ צוגעשטעלט געוואָרן: אויף אַ טייל פון זיי זיינען אַפילו פאַראַן אייגנהענטיקע קבלות און אויף די איבעריקע זיינען פאַראַן קוויטירונגען, אונטערגעשריבן פון קהלה־ראַטן. אַט דער גרויסער טייל פון די צוגעשטעלטע פּעקלעך, גאַנצע 707 — זיינען אָפּגעגעבן געוואָרן אין לאָדזש, אָדער ווי זי הייסט איצט, ליצמאַנשטאַט.

דאָס איז די גרעסטע און אָנגענעמסטע סענסאַציע פון דער גאַנצער געשיכטע! שוין מער ווי צוויי יאָר, אַז פון לאָדזשער יידן האָבן מיר ניט קיין שום קאָנטראָלירטע ידיעות. מיר האָבן אַלע גע־וואוסט, אַז נאָך אין אַפּריל 1940 האָט מען אַרום 200 טויזנט יידן איינגעשפּאַרט אין דעם אָרעמסטן טייל פון דער שטאָט, אין די היל־צערנע הייזקעס אויף באַלוט. פריער זיינען די געסלעך דאָרט געווען אַרומגעצאַמט מיט שטעכעדיקן דראָט, שפּעטער האָט מען זיי אַרומ־געמויערט מיט אַ וואַנט 6 פוס הויך. דאָרט האָט מען זיי אַלע פאַר־וואַנדלט אין שקלאַפן ביי האַנט־וועבעריי און אַנדערע אַרבעטן פאַר דער נאַצישער מיליטערישער מאַשין. די אַרבעט האָט געדויערט 12—13 שעה אַ טאָג. אַלס באַלוינונג האָט מען באַקומען ספּעציעלע פּאַפּיר־געלט מיט יידישע אותיות געדרוקט, פאַר וועלכע עס פלעגט אַרויסגעגעבן ווערן אַ האַלב פונט ברויט אַ טאָג מיט אַ הייסער, וואַ־סערדיקער זופּ.

אַ דריי־קאַנטיקע געלע לאַטע אויף דער פּלייצע האָט געמוזט געטראָגן ווערן פון יעדן מאַנסביל אָדער פרוי. דער זיבעציק־ יעריקער זייער ענערגישער חיים רומקאָווסקי איז באַשטימט געוואָרן פאַרן פּרעזידענט פון דער געטאָ. וואָס דער דאָזיקער מענטש האָט אויסגע־ליטן חרפות און בזיונות און קלעפּ איז זיך פּשוט שווער פאָרצושטעלן.

איך דערמאָן זיך, ווען איך האָב אים געזען אין נאָוועמבער 1939, קורץ פאַר מיין אָפּפאָרן קיין אַמעריקע ,האָט ער שוין געהאַט אַן אונטערגעשלאָגענע, כמעט בלינדע, לינקע אויג. דאָס האָט ער באַקומען מיט אַ גומענעם שטעקן פון אַ געסטאַפּאָ־אָפיצער, וועלכער האָט אים געהייסן טאַנצן אין מיטן גאַס, ווען די גרויסע לאָדזשער סינאַגאָגע אויף קאָסטיושקאָ גאַס האָט געברענט. דער אַלטיטשקער האָט, ווייזט אויס, ניט גענוג געטאַנצט.

אַ יידישע פּאָליציי האָט דאַן געדאַרפט האַלטן די אָרדענונג אין געטאָ. אַפילו אַ יידישער פּאָסט־אָפיס איז געעפנט געוואָרן, און פון צייט צו צייט פלעגט מען קענען שיקן בריוו און פּעקלעך און דער־האַלטן אַ תשובה. אָבער מיט צוויי יאָר צוריק איז פּלוצלינג לאָדזש

אָפּגעשניטן געוואָרן פֿון דער אויסערלעכער וועלט. בריוו וואָס מען האָט אַהין געשיקט זיינען געקומען צוריק מיט אויפֿשריפֿטן: „פֿאַר־באָטן אַריינצוקומען אין געטאָ".

אַמאָל פֿלעגט זיך דורכוואָרפֿן אַ ידיעה אין אַ דייטשער צייטונג, אַז די יידן־פֿראַגע אין לאָדזש איז „גלענצענד געלייזט". מיר האָבן אין אַזאַ פֿאַל געטראַכט, אַז דאָס הייסט, אַז מען האָט שוין די יידן דאָרט אַלע פֿאַרניכטעט. אָבער דעם 15טן אויגוסט, 1941, האָבן מיר געלייענט אין דער „פֿראַנקפֿורטער צייטונג": „מיר האָבן אַריינגע־פּאַקט אין לאָדזשער געטאָ 200 טויזנט יידן און איזאָלירט זיי פֿון דער גאַנצער וועלט. דער מויער אַרום זיי איז אַנדערהאַלבן מייל לאַנג. די יידן פּראָדוצירן פֿאַרשיידענע טעקסטיל־אַרטיקלען אין אויפֿגע־בויטע פֿאַר זיי פֿאַבריקן. אויסער דעם זיינען זיבן טויזנט יידן באַ־שעפֿטיקט אַלס שניידערס, 5 טויזנט אַלס שוסטערס און טויזנט האַקן שטיינער אויף די וועגן.

די יידישע קהלה נעמט צונויף די אויסגעאַרבעטע פּראָדוקטן און בייט זיי אויס אויף עסנוואַרג..."

די דאָזיקע ידיעה איז געווען די לעצטע פֿאַר צוויי יאָר. שפּעטער אָבער האָבן מיר געלייענט אין דער דייטשער לאָדזשער צייטונג (ליטצ־מאַנשטאַטער צייטונג) אַ גאַר טרויעריקן גרוס:

„די לעצטע איבערבלייבענישן פֿון דער יידישער רעליגיע זיינען שוין אויסגעוואָרצלט געוואָרן אין לאָדזש, נאָכדעם ווי פֿון דאָרט זיינען אַלע יידישע הייליקע ערטער, ווי שולן, בתי מדרשים, שוין מער אין שטאָט ניט געבליבן, ווייל די יידן זיינען פֿאַרניכטעט געוואָרן". אָדער מען האָט דאָס געקאָנט טייטשן, אַז די יידישע הייליקייטן אין לאָדזש גופֿא זיינען אויסגעראָמט געוואָרן, ווייל די יידן זיינען פֿאַרשפּאַרט געוואָרן אויסער דער שטאָט, אין אַ געטאָ. אַלענפֿאַלס איז שטום גע־וואָרן אַ גרויסער יידישער קיבוץ פֿון 200 טויזנט נפֿשות. וויסנדיק, וואָס מען האָט געמאַכט מיט די יידן פֿון דער וואַרשעווער געטאָ, האָבן מיר אַלע געציטערט, אַז אויך די לאָדזשער יידן האָט דער זעלבער גורל געטראָפֿן.

אָבער אַ געפֿיל פֿון דערלייכטערונג האָט אונז אַרומגענומען, ווען מיר האָבן דערזען פֿאַר זיך דעם צעטל מיט די איבער 700 נעמען פֿון די וואָס האָבן די פּעקלעך באַקומען.

איך וואָלט געוועון זייער צופֿרידן, ווען איך וואָלט געקענט פֿאַרעפֿנטלעכן די דאָזיקע אַלע נעמען. אָבער מער דאַרף פֿאַר־שטיין, וואָס פֿאַר אַ גרויסע סכּנה עס קאָן זיין צו דערמאָנען נעמען פֿון

לעבעדיקע מענטשן ערגעץ אין אַ געטאָ אין פּוילן. איך וויל אָבער באַרואיקן די לייענער און זאָגן, אַז עס זיינען אָנגענומען געוואָרן מיטלען, אַז די פֿאַראינטערעסירטע פּערזאָנען אין אַמעריקע זאָלן די גרוסן באַקומען דורך אַנדערע וועגן. אַ סך פֿון זיי וועלן שוין וויסן די פֿרײלעכע בײעס, אַז זייערע נאָענטע, וועלכע זיי האָבן געהאַלטן פֿאַר געשטאָרבן, לעבן נאָך, כאָטש זיי מאַטערן זיך אין לאָדזשער געטאָ.

אָט איז אַ באַקאַנטער יידישער מוזיקער, וועלכן מיר האָבן שוין געהאַט באַוויינט. אָט איז אַ גרופּע ציוניסטישע פֿירער. אָט לייען איך די נעמען פֿון אַ רבנישער פֿאַמיליע און אָט איז אַ באַוואוסטער אַלטער העברעאישער שרייבער. ווי אַזוי דער ייד, וועלכער איז שוין קרוב 80 יאָר אַלט, קאָן איבערטראָגן די עינוים פֿון קאַטאָרזשנעם לעבן אויף מאָגער ברויט און וואַסער, ווייסט נאָר דער אויבערשטער! און אָט זיינען פֿאַמיליעס פֿון אַמאָל רייכע פֿאַבריקאַנטן מיט אַ וועלט־נאָמען. אויך זיי האָט מען מחיה געווען מיט דעם ביסל געטריקנטע פֿייגן, וועלכע עס זיינען געשיקט געוואָרן פֿון אַ נייטראַלער לאַנד. אָבער וואָס עס איבערראַשט אַם מייסטן איז אַ רייע רייך־פֿראַנצויזישע, אָדער האָלענדישע נעמען, וועלכע איז זע אויפֿן צעטל. דאָס זיינען די אומגליקלעכע יידן, וועלכע מען האָט אַרויסגעריסן פֿון אַמסטערדאַם אָדער פֿון ליאָן און אַריינגעוואָרפֿן זיי אין שמוציקן קעסל אויף באַלוט מיט אַ געלער לאַטע אויף די פּלייצעס.

די נעמען זייערע זיינען אַזעלכע פּראָמינענטע און באַקאַנטע אין דער געשיכטע פֿון מערב־אייראָפּע... אָבער וואָס וועלן מיר ווייטער קראַצן אונזערע וואונדן: אַבי זיי לעבן, זאָלן זיי דאָס שוין איבערלעבן!

אָבער די ווייטערדיקע גרוסן זיינען שוין גאָרניט קיין גוטע. פֿון וואַרשע, וואו מען האָט אַריינגעשיקט אייניקע טויזנט פּעקלעך, זיינען פֿאַראַן נאָר צוויי קבלות, און דאָס אויך פֿון אַזעלכע, וועלכע וואוינען אויסער דער געטאָ — אפֿשר פֿון קריסטן. דאָס זעלבע קאָן אויך געזאָגט ווערן פֿון ווילנא און כעלם.

דערפֿאַר אָבער זיינען פֿון בענדין פֿאַראַן גאַנצע 110 קבלות, און דאָס באַשטעטיקט די שוין פֿון פֿריער באַקומענע ידיעות — דורך אונטערערדישע קאַנאַלן — אַז אין בענדין און אין סאָסנאָוויץ עקזיסטירט אַ גרעסערע געשלאָסענע יידישע געטאָ. צוועלף קבלות זיינען אויך אָנגעקומען פֿון ציעכאַנאָוו און צו אייניקע פֿון די גאַליצישע שטעט: טאַרנאָפּאָל, דראָהאָביטש, ניי־סאַנדעטץ, בראָדי זלאָטשעוו, סטרי, באָריסלאַוו און ברזשעזאַני. דאָס איז אַלענפֿאַלס אַ

גוטער סימן פֿון לעבן דאָרט, ווייל אויף די קבלות איז פֿאַראַן אַ שטעמפּל פֿון די קהלות.

דאַקעגן איז ווערט צו דערמאָנען די פּשוטע רשעות, וואָס עס איז באַגאַנגען געוואָרן בנוגע אַ געוויסער צאָל שטעט און צו אַ גרויסער צאָל אַפּנעמערס.

מילא, אַז די נאַצישע כלבים האָבן פֿון איבער 12 טויזנט פּעקלעך אָוועקגענבעט גאַנצע עלף טויזנט, איז נאָך פֿאַרשטענדלעך: דערויף זיינען זיי דאָך נאַציס. אָבער זיי האָבן אָפּגעשיקט צוריק אין דעם בייטראַלן לאַנד אַ רייע פּעקלעך מיט דעם אויפֿשריפֿט: „ניט צוגע־שטעלט, ווייל עס איז אַ ייד", אָדער „די פּאָסט אַרבעט ניט אין דער שטאָט". און אַז איך אַז איך וועל אייך זאָגן, אַז אַזעלכע ענטפֿערס זיינען געקומען וועגן ווילנע, לידע, מעזשירעטש, לובלין און צוויי אַפֿילו פֿון וואַרשע, וועט איר פֿאַרשטיין, אַז די פּאָסט אַרבעט שוין דווקא דאָרט גוט, נאָר ניט פֿאַר יידן. ניט פֿאַרגינט זיי דאָרט דאָס ביסל פֿאַרטריקנטע פֿייגן.

איין באמת טרויעריקע ידיעה האָב איך מיטצוטיילן וועגן דער שטאָט סלאָנים, אַמאָליקע גראָדנער גובערניע. דאָרט זיינען געשיקט געוואָרן 30 פּעקלעך און וועגן אַלע אַדרעסן איז געקומען דער ענטפֿער: „טויט, געשטאָרבן". דאָס באַשטעטיקט, ליידער, די גרויזאַמע ידיעה, וועלכע איז מיט אַ צייט צוריק דערהאַלטן געוואָרן פֿון אונטערער־דישע קאַנאַלן, אַז אין דער סלאָנימער שחיטה זיינען אומגעקומען אַלע יידן.

און ווייל עס רעדט זיך וועגן טויטע, זאָל מיר דערלויבט זיין צו דערמאָנען אייניקע נעמען פֿון די דערמאָרדעטע קדושים אין יענער שטילער, איידעלער און יחוסדיקער שטאָט, וואו איך האָב פֿאַרבראַכט אַ פּאָר יאָר פֿון מיין לעבן אַלס שילער פֿון דער רעאַל־גימנאַזיע. יעדער נאָמען איז דעריבער געשיכטע פֿאַר מיר, פֿאַרבונדן מיט פּער־זענלעכע איבערלעבענישן, אָבער אויך מיטן אַלגעמיינעם צער פֿון די סלאָנימער לאַנדסלייט, וואָס וועלן די נעמען לייענען.

אָוועק פֿון דער וועלט זיינען אין סלאָנים: זלמן מיליקאָווסקי מיט דער פֿאַמיליע, נחמה זעליקאָווסקי, יעקב זאַקהיים, יעקב גאָלדפֿאַרב, זונדל פֿרידמאַן, משה עפּשטיין, שמעון ווינשטיין, יצחק סאָיקע, גרשון בערנשטיין, פּ. אַפּענהיים און נאָך און נאָך... די לאַנדסלייט, צע־וואָרפֿענע איבער אַמעריקע, וועלן געוויס אויפֿגעטרייסלט ווערן, הערנ־דיק די נעמען פֿון די אַנגערופֿענע קדושים.

אַ בלאַט יידישע געשיכטע אין יענער געגנט איז דאָך מיט זיי פֿאַרבונדן.

* *
*

אַט מיט וועלכע שווערקייטן מיר מוזן קעמפֿן, כּדי אַרויסצובאַקומען פֿון דעם בלוטיקן היטלער־פֿאַרהאַנג כאָטש אייניקע גרוסן: וועלכע שטאָט לעבט און וועלכע קהלה איז שוין פֿון דער ערד אָפּגעמעקט; און ווי לייכט מיר רעדן שוין וועגן אַ מיליאָן יידן מער אָדער ווייניקער אין איראָפּע. אַ מיליאָן יידן! דאָס איז דאָך אַ וועלט אַ גאַנצע פֿון פֿאַמיליעס, פֿון יחידים, פֿון אָרנטלעכע האָרעפּאַשנע ברידער און פֿון לייכטנדיקע געשטאַלטן.

ווי אויבן דערמאָנט, האָבן זיך אָנפֿאַנג 1943 נאָך אין ביאַליסטאָק געפֿונען, כאָטש הינטער געטאָ־מויערן, אייניקע צענדליק טויזנט יידן אָבער גראָד אין די טעג, ווען די ידיעה איז צו אונז דערגאַנגען, האָט זיך, ווייזט אויס, אין די ביאַליסטאָקער גאַסן אָפּגעשפּילט דער גרויסער קאַמף מיט די נאַציס, וואָס זיינען געקומען אויך דאָרט ליקווידירן די יידישע באַפֿעלקערונג. עס קומען אָן צו אונז אָפּגעריסענע ידיעות — דורך אונטערערדישע קוואַלן — וועגן אַ בלוטיקן ווידערשטאַנד, וואָס די ביאַליסטאָקער יידן האָבן געשטעלט; וועגן פּוילישע אַרבעטער, וואָס האָבן מיטגעקעמפֿט. אין די לעצטע חדשים פֿון היי־יאָר זיינען געקומען וועגן דעם אָפּגעריסענע „מעסעדזשעס", וועלכע גיבן איבער ניט קיין פֿאָלקאָמען בילד, ווי אַזוי דער קאַמף איז ווירקלעך צוגעגאַנגען.

מיר געדענקען אַלע די גלענצנדע היסטאָרישע טראַדיציע פֿון די ביאַליסטאָקער יידישע אַרבעטער, פֿון זין און טעכטער, וועלכע האָבן באַרימט געמאַכט דעם ביאַליסטאָקער זעלבסטשוץ און די קאַמפּס־דרוזשינעס אין דער גאַנצער וועלט.

די צאַרישע סאָטראַפּן און זשאַנדאַרמען פֿלעגן אין ביאַליסטאָק כאַפּן אַ גאַר הייסן אָפּשניט. ווי שמערצלעך עס איז וועגן דעם צו קלערן, גלויבן מיר אָבער, אַז דער ניט גלייכער, פֿאַרצווייפֿלטער קאַמף מיט די נאַציס אין די שמאָלע גאַסן פֿון ביאַליסטאָקער געטאָ וועט צוגעבן אַ לאָרבער־קראַנץ צו דער נייער נאָך אַביסל פֿאַרהוילענער פֿאַר אונז געשיכטע פֿון רומפֿולן קאַמף אין די פּוילישע געטאָס.

פֿון קראָקע איז פֿאַראַן אַ מעלדונג, אַז אויך דאָרט איז שוין די געטאָ אינגאַנצן ליקווידירט, און אַז די לעצטע פֿינף טויזנט יידן זיינען אָוועקגעשיקט געוואָרן אין שוידערלעכן קאָנצענטראַציע־לאַגער אין אָשוויענטשים. די מעלדונג דערציילט, אַז אַרום טויזנט אַלטע,

קראַנקע און קינדער, וועלכע מען האָט ניט געקאָנט איבערפירן אין לאַגער, זיינען דערשאָסן געוואָרן אויפן אָרט.

פון גראָדנע ווידער איז פאַראַן אַט אַזאַ טרויעריקע ידיעה, און איך גיב איר איבער בוכשטעבלעך, אַזוי ווי זי איז געשריבן אין רעפּאָרט:

„דרייסיק טויזנט יידן זיינען פון שטאָט אַרויסגעטריבן געוואָרן; אַלע מיטגלידער פון קהלה־ראָט; די יידישע דאָקטורים, אַדוואָקאַטן און לערער זיינען פריער דערשאָסן געוואָרן"... דאָס איז דער קורצער טעקסט פון אַ טעלעגראַמע דורכן געהיימען פוילישן ראַדיאָ אָן ווייטערדיקע פּירושים. עס איז דעריבער ניט קלאָר, וואוהין זיינען אַרויסגעטריבן געוואָרן די דרייסיק טויזנט יידן? וואָס איז מיט זיי געוואָרן? מען דאַרף נאָך אַפוואַרטן איינצלהייטן, כּדי זיך צו שאַפן דעם ריכטיקן בילד.

אין דער זעלבער טעלעגראַמע געפינען מיר פאָלגנדע ידיעות:

„אין ביאַליסטאָק זיינען פריער אויסגעשאָסן געוואָרן אַלע אָנפירנדיקע אינטעליגענטע יידן, — לויט דעם נוסח פון גראָדנע, — איידער די דאָרטיקע געטאָ איז ליקווידירט געוואָרן. ווייניקסטנס 300 דייטשע מיליטער־לייט זיינען געטויט געוואָרן בעת די ביאַליסטאָקער אַרבעטער האָבן געשטעלט אַ באַוואָפנטן ווידערשטאַנד".

אויך די לעצטע ידיעה איז נישט אינגאַנצן קלאָר: מיר האָבן געוואוסט, אַז אין ביאַליסטאָק האָבן ביזן זומער 1943 געלעבט אַרום 60,000 יידן, און אפשר מער. זאָל עס הייסן, אַז מען האָט זיי אויך אַרויסגעטריבן, ווי אין גראָדנע, אָדער עפּעס אַנדערש איז מיט זיי געשען? דאָס בלייבט נאָך איבער צו ווערן אויפגעקלערט.

אַן אַנדער טרויעריקע בשורה איז פאַראַן, אַז דאָס ביסל איבערגעבליבענע יידן זיינען אויסגעמאָרדעט געוואָרן אין די פאָלגנדע שטעט: שידלאָוויעץ, וואָלאָשטשאָווע, ראַדאָמסק, ראַדזימין, אָסטראָוו־מאַזאָוויעצקי און סאָקאָלאָוו. פון סטאַניסלאַוואָוו אין גאַליציע זיינען אַלע דאָרטיקע יידן אַרויסגעשיקט געוואָרן אין אַן „אומבאַוואוסטער ריכטונג".

עס דאַרף דערביי דערמאָנט ווערן, אַז אָט די אַלע אויסגערעכנטע שטעט זיינען נאָך מיט אַ קנאַפּן יאָר צוריק באַשטימט געוואָרן דורך די דייטשן אַלס „יידן־שטעט", דאָס הייסט, אַז אין זיי מעגן זיך געפינען יידישע געטאָס. די פאַראָרדענונג פון אָרגאַניזירן 54 אַזעלכע שטעט איז אַפילו געווען פאַרעפנטלעכט אַלס אָפיציעלע פאַראָרדענונג און איז פּובליקירט געוואָרן אין אַלע צייטונגען. די איצטיקע נייע

שחיטות זיינען דעריבער אַ באַווייז, אַז בנוגע צו יידן זיינען אַלע „סורפּריזן״ מעגלעך.

### י.

### ידיעות פון פּאַלעסיע, וואָלין, לאָמזשער און לאָדזשער געגנטן * קהלות וואָס זיינען אָפּגעמעקט געוואָרן * רויב־פייגל וואָס קומען ביינאַכט אין דער אויסגעליידיקטער וואַרשע־ווער געטאָ.

אין יענע שלאָפלאָזע נעכט, ווען פאַר מיינע אויגן ווערן ווידער לעבעדיק די מענטשן, די גאַסן, די הייזער פון די איצט חרוב־געוואָרענע יידישע ישובים אין פּוילן, — הויב איך אָן מיט דער גאַנצער שאַרפקייט פון יאוש פאַרשטיין, וואָס מיר האָבן אין די לעצטע יאָרן פאַרלאָרן.

ביי דער גאַנצער אָרעמקייט, וואָס עס האָט געהערשט אין די שטעטלעך, ביי דער גאַנצער פאַרקריפּלטקייט פון זייער רעכטלעכן אוןווירטשאַפטלעכן מצב, — האָט דאָך פון זיי געשפּרודלט מיט אַזאַ ברויזנדיקער ענערגיע, מיט אַזאַ פולסירנדיקן ווילן ניט אונטערצוגעבן זיך דעם ביטערן גורל, ניט אונטערגיין — להכעיס אונזערע שונאים.

איצטער, קוקנדיק מיט אַ בליק אין דער פאַרגאַנגענהייט, פיל איך מיט שטאָלץ, דאָס איך בין געווען אַ טייל פון זיי, יאָרן לאַנג געהאָלפן זיי אָרגאַניזירן די פאַרטיידיקונג פון זייערע עקאָנאָמישע פּאָזיציעס; יאָרן לאַנג געלעבט און געאָטעמט מיט די מיליאָנען יידן, וועמען שונאים האָבן געוואָלט איינרעדן, אַז זיי זיינען שוין אונטער־געגאַנגען, ווייל זייער עקזיסטענץ איז ניט „באַרעכטיקט״. ווען איך לייען אַ ידיעה, אַז אין דער אָדער יענער שטעטל אין גאַליציע, אָדער צענטראַל־פּוילן — האָט מען אויסגעקוילעט, פאַרניכטעט, באַגראָבן לע־בעדיקערהייט די אומגליקלעכע ברידער אונזערע — איז דאָס שטענדיק פאַר מיר אַ פּערזענלעכע אבדה — ווייל מערסטנטייל קען איך דאָס שטעטל, די יידן, די פירער פון דער יוגנט, די רבנים, די דאָקטוירים . . .

כמעט פופצן יאָר האָט איך אָן אויפהער געררייזט פון שטעטל צו שטעטל, פון געגנט צו געגנט. איך בין דאָן געווען אַ אינספּעקטאָר אין די יידישע פאָלקס־בענק און מיין פליכט איז געווען אַזעלכע בענק צו אָרגאַניזירן, קאָנטראָלירן, לערנען די יידישע בעלי־מלאכות און קליינע סוחרים, ווי אַזוי זיך אַליין צו העלפן מיט הלוואות, ווי אַזוי אָנצופירן מיט זייערע אָרעמע פינאַנצן, און איבערהויפּט, ווי אַזוי צו האַלטן זיך צוזאַמען און ניט פאַלן איינציקווייז.

לייען איך די טעג אין דער ראַדיקאַלער אונטערערדישער צייטונג „דאַ בראַני" („צום געווער"!), אַ קורצע נאָטיץ: „נאָכדעם ווי מען האָט אויסגעמאָרדעט אַלע יידן אין צענטראַל פּוילן איז מען צוגעטראָטן צו ליקווידירן די יידן אין פּאָלעסיער געגנט. אין בריסק און דראָ־היטשין מאָרדעט מען זיי מאַסנווייז. דאָס ווערט אויסגעפירט דורך דייטשן און אַראָפּגעבראַכטע אוקראַינער. די יידן ווערן געצוואונגען פריער אויסצוגראָבן זייערע קברים, נאָכדעם ווערן זיי גלייך דערשאָסן, אַריינגעוואָרפן און פאַרשאָטן"...

בריסק... דראָהיטשין... אָט אין דעם לעצטן שטעטעלע, נעבן קאָברין, האָט געוואוינט זכריה דער שמיד, אַ וואונדערבאַרער יידישער טיפּ, וועלכן עס געדענקן געוויס אַלע לאַנדסלייט אין אַמעריקע. אַ ייד, אַ ריז, מיט שטאָלענע הענט, פאַרהאַרטעוועט פון יאָרנלאַנגן קלאַפּן אויף דער קאָוואַדלע.

צוליב זיין אָרנטלעכקייט האָט מען אים אָנגעטרויט די געלטער, וואָס פלעגן אָנקומען צו קרובים פון אַמעריקע. מיט אַ סך יאָרן צוריק האָבן מיר אים, דעם פּשוטן שמיד, באַשטימט פאַר פאַר־וואַלטער פון דער פאָלקס־באַנק. און איר האָט געמעגט זען זכריהן ביי דער אַרבעט אַלס „באַנקיר"... אַ סך „קאָלעגן" זיינע פון וואָל סטריט האָבן געמעגט זיך נעמען אַ מוסטער פון זיין איבערגעגעבנקייט, פון זיין אָפּהיטן אַ פרעמדן גראָשן און פון זיין באַהאַנדלען די „קאָס־טימערס" — אַזעלכע האַרעפּאַשניקעס ווי ער אַליין איז געווען. איך דערמאָן זיך, ווען מיר זיינען אַמאָל געפאָרן מיט אַ פור צווישן דראָ־היטשין און כאָמסק. די פור האָט זיך איבערגעקערט — אין יענער בלאָטיקער געגנט איז דאָס קיין נייעס ניט געווען. זכריה, דער גיבור האָט איינער אַליין אויפגעהויבן די פור און אַרויסגעשלעפּט איר און מיך פון דער בלאָטע. שוין־זשע האָבן אויך די דאָזיקע געבענטשטע הענט געגראָבן דעם גרויסן מאַסן־קבר פאַר די פּשוטע יידישע פּויערים און האַנטווערקער פון יענעם פאַרוואָרפן שטעטל?

עס לעבן אויף די בילדער פאַר די אויגן, ווען איך לייען אַ נאָטיץ, אַז אין לאָמזשער געגנט זיינען שוין קיין יידן ניט געבליבן און אַז די לעצטע יידישע געטאָ דאָרטן אין טיקטין, איז שוין ליקווידירט. טיקטין... מיט הונדערטער יאָרן צוריק דער שטאָלץ פון דער יידישער תורה און סוחרישע סאָלידקייט, און ווען מיט יאָרן שפּעטער ווען גראַף בראַניצקי האָט געגרינדעט די שטאָט ביאַליסטאָק און די וועלט האָט נאָך ניט געוואוסט וועגן אַזאַ שטאָט, פלעגט מען זאָגן: „ביאַליסטאָק, דאָס איז אַ שטעטל ניט ווייט פון טיקטין".

דערמאָן איך זיך אָן מיין וויזיט ביי דעם טיקטינער רב, ווען איך האָב דעם אַלטן פּנקס געבלעטערט, און געליייענט דאָרט פאַרשריבענע געשיכטעס פון פאַר דריי הונדערט יאָר צוריק. איך בין איבערראַשט געווען פון דער געוואַלדיקער אַחדות, פון דער אומגלויבלעכער אַחריות, וואָס האָט דאַן געהערשט ביי יידן. איך לייען אַן אויפשריפט מיט פאַרציקלטע אותיות פון פאַר צוויי הונדערט יאָרן: „פון אַ דאָרף נעבן באַטשקי האָט מען אַרויסגעטריבן דעם אַרענדאַר. קיין ייד טאָר זיך ניט וואַגן צו פאַרנעמען זיין פּלאַץ, ווען ניט וועט ער אַריינגעלייגט ווערן אין חרם און קיינער וועט אין זיין מחיצה ניט קענען שטיין"...

האָט דען ניט די דאָזיקע אַחדות, וועלכע געהערט שוין איצט צו דער פאַרגאַנגנהייט, דערהאַלטן דעם קיום פון אונזער פאָלק?

און די שול פון טיקטין, דערמאָן איך זיך — מיט פיר הונדערט יאָר צוריק איז זי אויפגעבויט געוואָרן. דער שמש וויזט מיר אָן אָרט אין טירל פון אָרון־קודש, וואו עס איז איינגעפּאַסט אַ געהיימניספולע קמיע וועלכע קיין מענטשלעכע האַנט האָט פאַר הונדערטער יאָרן ניט געוואַגט אַנצורירן. עס איז אָבער געווען אַ פאַל, — דערציילט מיר דער שמש — ווען אַ יידישער אַפּיקורס האָט די קמיע אָנגערירט, כדי איר איבערצולייענען, איז ביי אים אָפּגענומען געוואָרן די האַנט, ווי נאָר ער האָט אַרויסגענומען דעם ערשטן טשוועקל פון אָרון־קודש...

איצטער איז די שול פאַרוואַנדלט געוואָרן אין אַ שפּייכלער פאַר אַלטן אייזן... נו, און די קמיע? ווען שוין, ווען, וועט זיך איר מאַגישער כוח ווידער אַנטדעקן און די הענט וועלן אָפּגענומען ווערן ביי די היטלערישע מערדער?

*
* *

אַ לעצטן גרוס פון וואַרשעווער געטאָ געפין איך אין דער אונטערערדישער צייטונג „רזשעטשפּאָספּאָליטאַ פּאָלסקאַ" פון 28טן מאַי 1943.

דאָס איז שוין געווען נאָכן קאַמף און נאָך דער גרויסער שרפה. די איבערגעבליבענע הייזער אויף לעשנאָ, גזשיבאָווסקע און שעננע גאַסן פוסטעווען. די טירן און פענצטער אָפן, אויפן שטיינערנעם ברוק זעט מען נאָך די געדיכטע בלוט־פלעקן, וואָס די געפאַלענע מאַרטירער האָבן נאָך זיך געלאָזן. דייטשע זעלנער באַוואַכן טאָג און נאַכט דעם דאָזיקן „טאָל פון טויט", אַרומקוקנדיק זיך שרעקנדיק, צי פון די

רואינען וועט ניט אַרויספּליען פּייפנדיק אַ געהיימניספולער קול און נעמען די לעצטע נקמה כאַטש פון איינעם פון זיי.

אָבער אין די נעכט שלייכן זיך פאַרשיידענע פרויען און קינ־דערשע פיגורן אין די הויפן, אין די הייזער, און זוכן אין די פאַרברענטע און פאַרלאָזענע יידישע הייזער, אפשר איז דאָרט עפּעס געבליבן, וואָס האָט נאָך אַ שטיקל ווערט. די צייטונג שרייבט. „לעצטנס האָבן די דייטשן געכאַפּט עטלעכע הונדערט אָזעלכע מאַראָדערס — מערסטנס פרויען און מינדעריאָריקע, וועלכע ווערן באַלד אַרעסטירט און אַוועק־געשיקט אין טרעמבלינקע, טאָקע דאָרט וואו די יידן זיינען אומגעקומען. מיר וואָרענען אַלע פּאָליאַקן זיי זאָלן זיך ניט וואָגן פאַרנעמען מיט אָט דער מיאוסער פּרנסה פון באַראַבעווען דאָס, וואָס עס איז געבליבן פון די טויטע. מיר וועלן שטעמפּלען ווי אַ פאָלקס־פאַררעטער יעדן פּאָליאַק, וועלכן מען וועט כאַפּן אַלס איבערפאַלער. לאָזט איבער פאַר די דייטשן די מיאוסע מלאכה. אויף דעם זיינען זיי שטענדיק געווען די ספּעציאַליסטן".

אַ צווייטע אונטערערדישע צייטונג קלאָגט זיך, וואָס די דייטשן פאַרשוועכן אומישנע די קריסטלעכע רעליגיע, באַנוצנדיק זיך צו דעם דאָזיקן צוועק מיט יידן — וועלנדיק דורך דעם אויפוועקן אַ רע־ליגיעזן האַס. זי דערציילט פאָלגנדן פאַקט: „איידער מען האָט אַוועק־געשיקט די פאַר הונדערט יידישע פאַמיליעס פון לענטשיץ אַ שטעטל צווישן לאָדזש און קוטנע), האָט מען זיי אַלעמען פאַרשפּאַרט אויף צוויי טעג אין אָרטיקן קאָשטשאָל. די טירן זיינען געווען פאַרחתמעט, קיין עסן האָט מען קיינעם ניט געלאָזן מיטנעמען. קיינער איז פון קאָשטשאָל ניט אַרויסגעלאָזן געוואָרן, אַזוי אַז די נאַטירלעכע מענטשלעכע באַ־דערפענישן האָבן די פאַרשפּאַרטע יידן געמוזט ערלעדיקן טאָקע דאָרטן. מען קען זיך פאָרשטעלן, וואָס פאַר אַ שמוץ עס איז דאָרט געוואָרן אין משך פון די אייניקע טעג. שפּעטער האָט מען די יידן אַרויסגעפירט פון שטאָט און געעפנט די טירן פאַר די פּאָליאַקן, כדי צו ווייזן זיי ווי אַזוי די יידן האָבן דאָס פאַרשוועכט די קריסטלעכע הייליקייטן..."

די צייטונג באַמערקט דערביי: „זעלבסטפאַרשטענדלעך וועט זיך די קאַטוילישע באַפעלקערונג ניט לאָזן נאַרן פון די דאָזיקע „פאַר־טיידיקער פון דער קריסטלעכער רעליגיע", ווי די דייטשן רופן זיך אין זייער קאַמף קעגן באָלשעוויזם. מיר קאָנען זיי שוין צו גוט, די דאָזיקע קעמפער פאַר רעליגיע און מאָראַל" — פאַרענדיקט איראָניש די צייטונג.

זייער טרויעריק, אָבער אויך געגוג כאַראַקטעריסטיש זיינען די ידיעות וואָס קומען אָן פון וואָלין. פון אייניקע הונדערט טויזנט יידן זיינען דאָרט געבליבן נאָר אַ פּאָר הונדערט אין דער שטאָט לוצק. אין אַלע אַנדערע ישובים זיינען די יידן אויסגעראָטן געוואָרן. נאָך מיט אַ יאָר צוריק זיינען אין לוצק געווען, לויט אַ פאָלקס־ציילונג, איבער 17 טויזנט יידן. וואו זיי זיינען אַהינגעקומען איז אומבאַוואוסט. ווי נאָר די יידן האָבן פאַרלאָזן די שטאָט זיינען לכתחילה אַלע קראָמען איבערגענומען געוואָרן פון די פּאָליאַקן.

אַזוי איז אויך געווען אין ראָוונע, קאָוועל און אין אַלע אַנדערע שטעט. אָבער פּלוצלינג, און גלייכצייטיק אין אַלע פלעצער פון גאַנץ וואָלין, האָבן די דייטשן געמאַכט, אין איין אין דעם זעלבן טאָג, אַן אָבלאַווע אויף אַלע פּ ו י ל י ש ע קלייטן, און צוגענומען בוכשטעבלעך די גאַנצע סחורה, אַפילו אַלטוואַרג, און פאַרחתמעט די געשעפטן.

אַזוי האָט זיך דאָס געענדיקט די קורצע „נאַציאָנאַליזאַציע" פון די יידישע געשעפטן און זייער אַריבערגיין אין אַרישע הענט: דער יעקע גנב האָט אויך דעם פּונקט פון זיין פּראָגראַם פאַרוואַנדלט אין אַפּנאַרערײַ, כדי צו קענען אָנראַבעווען די פאַרמעגנס, — דאָסמאָל אָנגעזאַמלטע דורך די פּאָליאַקן.

אַ גרוס פון קאָוועל און וואָלין דערציילט, אַז מען האָט דאָרטן געבראַכט צוויי טויזנט באַן־אַרבעטער פון צענטראַל־פּוילן און איינקוואַרטירט אין די יידישע הייזער, וועלכע פּוסטעווען זינט מען האָט פון דאָרט די יידן פאַרטריבן.

אויך דאָ וואָלט זיך מיר אַזוי געוואָלט ווידמען מער ווי אַ פּאָר שורות דעם איינגעפונדעוועטן קערנדיקן און געזונטן וואָלינער יידנטום מיט זיינע אַלטע שולן, געבויטע ווי פעסטונגען, מיט זיין לאַנגער מאַרטירער־טראַדיציע, אָנהויבנדיק פון כמעלניצקיס עפּאָכע... נאָר לאָמיר דאָס איבערלאָזן אויף די טעג, ווען די פעדער וועט שוין מער ניט טריפן מיט פרישן בלוט, ווען אַ הספד וועט געמאַכט ווערן אויף די פאַרניכטעטע ישובים, און שפּראָצן פון אַ נייעם לעבן וועלן זיך שוין אפשר באַווייזן אויף די נאָר־וואָס פאַרשאָטענע קברים...

די וואַרשעווער געהיימע פּויערים צייטונג „אַרקאַ" (דאָס אַקערן), שרייבט אין איר יוני־נומער: „די דייטשן ווייזן אַרויס מער און מער אומצופרידנהייט מיט זייער זיין אין פּוילן: זיי קלאָגן זיך אויף שלעכטע געשעפטן און אויף קליינע געהאַלטן. עס איז קיין וואונדער ניט: אויסגעטריקנט זיינען געוואָרן די ביז־איצטיקע קוואַלן פון פעטע הכנסות; שוין ניטאָ מער קיין יידן, וועלכע האָבן

געמוזט צאָלן פאַר זייערע לעבנס מיט דאָלאַרן אָדער מיט גאָלד...
די רוצחים האָבן אַליין געקוילעט די הון, וואָס האָט פאַר זיי געמוזט לייגן גאָלדענע אייער... מיר זעען דעריבער פאַר נייע געפאַרן, וועלכע זיינען שוין אונטערוועגס. אויסגעצאַפּט דאָס בלוט ביי די יידן, וועלן זיך איצט די מערדער נעמען צו די פּאָליאַקן, אָבי אויסגעפינען נייע קוואַלן פון רויבערייען; היט זיך דעריבער, ווייל איידער די נאַצישע מערדער וועלן אויסציען די פיס — וועלן זיי נאָך אַ סך אומגליקן ברענגען אויף אונז"...

און אַז די כוואַליע פון נייע אומגליקן האָט זיך אָנגעהויבן, ווייזן ארויס די גאָר לעצטע ידיעות וועגן אַ מאַסן־שחיטה פון לעבעדיקע פוילישע משכנות, וועלכע מען האָט געכאַפּט אין די וואַרשעווער גאַסן אין די טעג פון אָקטאָבער 1943. כאַפּערייען זיינען פאָרגעקומען אַלס אַ נאַצישע נקמה פאַר דערמאָרדן צוויי הויכע געסטאַפּאָ־אָפיצערן. די קרבנות האָט מען אויסגעטאָן נאַקעט און געשאָסן זיי אין צענטער פון שטאָט, אויף דער שיינער גאַס, וואָס טראָגט דעם נאָמען פון פויבסט פּיאוס. צווישן די געשאָסענע האָבן זיך געפונען געלערנטע, דאָקטוירים, אַדוואָקאַטן...

דעם זעלבן טאָג — דערציילט דער געהיימער באַריכט — זיינען טויזנטער וואַרשעווער איינוואוינער דורכגעגאַנגען די פּיאוס גאַס, און פאַרוואַרפן מיט כריזאַנטימען די דיקע בלוט־פלעקן מיט וועלכע די טראָטואַרן זיינען געווען באַדעקט... אַ פּראָקלאַמאַציע צו דער באַפעלקערונג האָט זיך אין גאַסן באַוויזן, אין וועלכער מיר לייענען צווישן אַנדערע:

„נאָך אַביסל געדולד: די שעה פון נקמה דערנענטערט זיך! עס וועלן זיך עפענען די טויערן פון די קאָנצענטראַציע־לאַגערן אין אָשוויענצים, בעלזשעץ, טרעמבלינקע און פון אַלע איבעריקע פייניקונגס־פלעצער. אונדזערע ליידנדע ברידער וועלן אַרויסגיין אויף דער פריי און זייער אָרט וועלן פאַרנעמען די מיאוסע נאַצישע אויסוואורפן, וועלכע מיר וועלן איבערלאָזן פון די תליות...

דאָס מענטשלעכע בלוט, דאָס בלוט פון אומשולדיקע, קאָכט און זידט און באַרואיקט זיך ניט; קיין שלום־טראַקטאַטן וועלן די מערדער ניט ראַטעווען; מיליאָנען שרייען פון די קברים און פאָדערן נקמה. זי איז אין וועג; זי דערנענטערט זיך צו אונזערע גרענעצן"...

ס'איז שווער זיך פאָרצושטעלן, ווי אַזוי וועט דאָס די געפלאָנטע „אינטערנאַציאָנאַלע פּאָליציי" קענען איינהאַלטן דעם סטיכישן שטורעם פון ווילדן און באַרעכטיקטן צאָרן, וועלכער צעפלאַקערט זיך

אַלץ שטאַרקער און מעכטיקער אין די לענדער און שטעט, וואו די נאַצישע מערדערייען בושעווען...

## י"א.

**אַ בוך געדרוקט און אַרויסגעגעבן פון פוילישן אונטערגרונד * אַ שילדערונג פון דער מוראדיקער אינקוויזיציע אין נאַצישע תּפיסות * קולות אין דער נאַכט * „פּאַרט 7" פון דער פּויזנער תּפיסה * דאָס מוראדיקע בילד פון די צוויי יידן וועמען די נאַציס האָבן געצוואונגען צו גיין אויף אַלע פיר און בילן ווי הינט.**

איך האָב שוין דערציילט, אַז די אונטערערדישע פּרעסע פאַרנעמט זיך ניט נאָר מיט דעם ווידערשטאַנד און קאַמף קעגן די אָקופּאַנטן, איבערגעבן אין די אָקופּירטע לענדער נייעס פון דער גרויסער וועלט, — נאָר אַפילו אויך מיט דרוקן ליטעראַרישע ווערק. איר ווייסט שוין וועגן דעם אינהאַלט פון אַ ביכעלע לידער, געשריבן דורך אומבאַקאַנטע דיכטער, אָפּטמאָל מיט אייגענע בלוט אין פינצטערע קאַזעמאַטן, — כּדי שפּעטערדיקע דורות זאָלן וויסן וועגן אומבאַזיגבאַרע העלדן, וועלכע האָבן געוואוסט ווי צו לעבן און ווי צו שטאַרבן.

די לעצטע טעג איז דורך די אונטערערדישע קאַנאַלן אָנגעקומען קיין ניו־יאָרק אַ גאַנצער בוך פון 248 זייטן, וועלכער רופט זיך „אויף דער ערשטער ליניע פון פראָנט". דאָס איז שוין גאָר אַ גרויסע סענסאַציע. מיר נעמען אין באַטראַכט, וויפיל מי, מאַטערניש, מוט און דערפרישנדיקן טאַלאַנט מען מוז האָבן, כּדי אָפּצודרוקן אין געהיים — אונטער די אויגן פון די נאַציס, אַ צייטונגל פון 10 ביז 12 זייטלעך; וויפיל מוט און מאַטערניש און קרבנות דאַרף מען ערשט ברענגען ביים אָפּדרוקן אַ גאַנץ בוך?

דאָס בוך איז געדרוקט אויף אַ דינעם פּאַפּיר, — מיט אַ זייער לעזבאַרן שריפט און אַ גאַנץ פיינער קאָרעקטור, — הלוואי אויף אַלע לעגאַלע אויסגאַבן געזאָגט געוואָרן.

איך האָב געהאַלטן אין האַנט דעם איינציקן עקזעמפּלאַר פון דעם דאָזיקן בוך, געבלעטערט זיינע קאַפּיטלעך, מיט דורשט געלעזן די פאַקטן, וועלכע ווערן דאָרט געבראַכט און זיך דורכגעדרינגען מיט אַן אַלץ וואַקסנדיקן יראת הכּבוד, — צו די דאָזיקע העלדן, וועלכע צווישן לעבן און טויט, — שאַפן זיי דעם אומבאַקאַנטן מאַרטירער פון באַהעלטעניש.

אַ דענקמאָל, וואָס וועט געוויס געפֿינען זיין פּלאַץ אין אַלע שטעט און שטעטלעך פֿון אַ באַפֿרייטער וועלט.

דאָס בוך, וועגן וועלכן איך דערצייל דאָ, האָבן געשריבן אייניקע חברים, זעלבסטפֿאַרשטענדלעך ווערן זיי ביים נאָמען ניט אָנגערופֿן, כאָטש אייניקע פֿון זיי זיינען שוין טויט. אָבער אַ באַגריף, ווער זיי זיינען — באַקומט איר גלייך פֿון דער ערשטער זייטל, — וואו עס ווערט געזאָגט: „די איינדרוקן דאָ זיינען געבראַכט געוואָרן אויף דעם פּאַפּיר דורך אַ קאָנספּיראַטאָר, וועלכער אַנטלויפֿט שטענדיק פֿון זיינע פֿאַרפֿאָלגער, דורך אַ ריכטער, וועלכער איז אין טורמע געוואָרן אַ שרייבער; דורך אַ קאַטוילישן פּרעלאַט (הויכן גייסטלעכן), וועלכן מען האָט פֿאַרשמיסן אין אַ קאָנצענטראַציע לאַגער; דורך אַ מאַמען, ביי וועלכער מען האָט די קינדער אַוועקגעריסן...

מען קאָן זיך דעריבער פֿאַרשטעלן, ווי אַזוי די ווירקלעכקייט, געשריבן דורך אַזעלכע עדות זעט שוין אויס. אין אייניקע קאַפּיטלען פֿילט זיך אַ ברויזנדיקער טאַלענט און זעען זיך אָן די אָדלער־נעגל, וועלכע קריצן טיף דראַמאַטישע, אומשטערבלעכע שורות. מעגלעך, אַז עס וועט זיך אַמאָל אַנטדעקן דער נאָמען פֿון שרייבער און ער וועט אַריינגיין אין פּאַנטעאָן פֿון דער ליטעראַטור. עס איז אויך מעגלעך, אַז ער איז שוין דאָרט אַמאָל געווען און דורך די אומשטענדן אַריינ־געטריבן געוואָרן אין פֿינסטערע אונטערערדישע קעלערן אַלס אַנאָנים...

ניט אַלץ, וואָס אין בוך איז געדרוקט קאָן גלייך פֿאַרעפֿנטלעכט ווערן. אַ גרויסער טייל פֿון די דאָקומענטן האָבן אַ פּאָליטישע באַ־דייטונג, אַנדערע, — אַ געשיכטלעכע.

איך וויל אָבער דאָ איבערגעבן אַ באַשרייבונג פֿון איינעם, וואָס איז געזעסן אַ לענגערע צייט אין דער טיוּולאָנישער תּפֿיסה, אין „פּאָרט זיבן" פֿון פּויזענער פּעסטונג. ווער האָט דאָס געשריבן? צי דער שפּעטער פֿאַרשמיסענער גלח, צי דער ריכטער, צי דער קאָנספּיראַ־טאָר, — ווייס איך אַליין ניט, — און דאָס איז איבעריקנס ניט וויכטיק. אָבער אָט איז, וואָס ער דערציילט:

„איך זיץ אין 'פּאָרט זיבן', אין פּויזען. דאָס איז דער ערגסטער פּלאַץ פֿון אָפּקומעניש אין גאַנץ פּוילן. שוין ווען מען דערמאָנט דעם נאָמען: „פּאָרט זיבן", הויבן מענטשן אָן צו ציטערן. אַ קאַלטקייט פֿון טויט בלאָזט פֿון די שטיינערנע קאַזעמאַטן; אין אַ תּכריכים־גע־היימניספֿולקייט זיינען איינגעוויקלט די טורמעס, וואו מען פּייניקט אונז... מיר זיינען דאָ אין די הונדערטער, — די אַזוי־גערופֿענע „בלומען" פֿון דער פּוילישער אינטעליגענץ. נעכטן האָט דאָ אויס־

געהויכט זיין נשמה אַ וועלט־באַרימטער פּראָפֿעסאָר פֿון געאָגראַפֿיע; אין אַ צווייטן קאַזעמאַט ראַנגלט זיך איצטער מיט דעם טויט אַ געלערנטער פֿיזיקער, וועלכן מיר קענען אַלע פֿון די אינטערנאַציאָנאַלע קאָנגרעסן; דאָ איז אויך דערשאָסן געוואָרן דער באַרימטער פֿאָרשער פֿון געזעלשאַפֿטלעכער מעדיצין. און מיר ווייסן, אַז נאָך אַנדערע אינטעלעקטואַלן זיינען דאָ פֿאַרמויערט אין די שטיינערנע זעק, אָבער זיי גיבן ניט פֿון זיך קיין צייכן פֿון לעבן. האָט מען זיי דערמאָרדעט? זיינען זיי ערגעץ אַרויסגעפֿירט געוואָרן? ווער ווייס? ווער פֿון אונז קען עפּעס זאָגן?

מיר זיינען דאָ אַלע פֿאַרשפּאַרט אין אַ ווירקלעכן „הויז פֿאַר טויטע", און איך הער ניט אויף צו דערמאָנען זיך דעם וואונדערבאַרן ווערק פֿון גרויסן אַנאַליטיקער פֿון מענטשלעכע ליידן, פֿעאָדאָר דאָסטאָיעווסקי, וועלכער האָט מיט אַ סך יאָרן צוריק פּרובירט מיט אַ שאַרפֿן כירורגישן לאַנצעט צעגלידערן די נשמה פֿון מאַרטירער.

אָבער די רוסישע קאַטאָרגע פֿון דאָסטאָיעווסקיס צייטן איז דאָך געווען אַן אָפּרו־סאַנאַטאָריום אין פֿאַרגלייך מיט די ראַפֿינירטע דייטשע טורמעס...

ווי כמורנע עס איז אין די לעכער וואו מיר זיינען פֿאַרשפּאַרט! נידעריקע סופֿיטן צווישן סלופּעס, אַזוי ווי אין אַלטע רוימישע קאַטאַקאָמבעס...

אין דער פֿינסטערקייט פֿון אונזער קאַמער שטייען ביי די ווענט, פֿון וועלכע עס רינט וואַסער, — צוויי רייען פֿון מענטשן. ווי שרעקלעך זיי זעען אויס! באַוואַקסן מיט גרויע און שוואַרצע בערד; פֿאַרמוטשעטע געזיכטער, אונטערגעהאַקטע אויגן; די פּנימער אין סיניאַקעס, — אָדער געשוואָלן פֿון קלעפּ און הונגער.

זיי שטייען, די אַרעסטירטע, ווי סטאַטועס, זיי טאָרן זיך ניט רירן, ווייל באַלד וועלן אַריינקומען די וועכטער, ווען עמענס טריט, עס קלינגען שוין אָפּ אַזוי שרעקנדיק אין די שטיינערנע קאָרידאָרן. די טירן עפֿענען זיך, אַזוי ווי מען וואָלט זיי אויפֿגעריסן. אַ באַנדע הויכע, פֿעטע, אוניפֿאָרמירטע שטורמיסטן שטעלן זיך אויס ביי דער אָפֿענער טיר און קוקן אָן מיט אַ ווילדער בייזקייט די רייען פֿון די אָפּגעריסענע מענטשן־שאָטנס.

ניט איינער פֿון אונז האָט שטיל געשעפּטשעט אַ תּפֿילה צו גאָט. מיר האָבן אַלע געפֿילט, אַז די נאַכט וועט זיין אַ שרעקלעכע. ווער פֿון אונז וועט איר איבערלעבן?

דער קאָמענדאַנט, און מיט אים אונטעראָפיצירן און וואַכמייס־טערס, גייען דורך אונזערע רייען און קוקן אין אונזערע האַלב פאַר־חלשטע געזיכטער; מיר שאָקלען זיך; מיר קענען ניט שטיין אויף די פיס פון שוואַכקייט; מיר זעען ניט אויס ווי גוטע, שטייפע, דיס־ציפּלינירטע סאָלדאַטן. דאָס טויג ניט! מען באַשיט אונז מיט מיאוסע צונעמענישן; מיר זיינען עיפּושדיקע חזרים; אַט באַלד וועט מען אונז אַרויסלאָזן אונזערע פאַרפוילטע געדערים... אַ וועכטער ברענגט דערווייל אַריין אַ העלן עלעקטרישן לאָמפּ, וואָס שניידט פּשוט די אויגן מיט זיין ליכטיקייט.

דער אָרעמער גימנאַזיע־לערער, וואָס שטייט ביים ברעג, איז דער ערשטער קרבן: מען רופט אים אויס, ער מוז אַראָפּלאָזן די הויזן און זיך אָנשפּאַרן אויף דעם טיש. מיט אַ באַמבוס־שטעקן שמייסט מען אים. דער לערער אַליין מוז הויך און קלאָר ציילן די קלעפּ. ווען ער האָט אַ טעות, אָדער גיט אַ קרעכץ אינמיטן, הייבט מען אָן ווידער פון איינס... ווען אַ וועכטער ווערט מיד שמייסנדיק, פאַר־טרעט אים גלייך אַ צווייטער. דער לערער פאַלט אין חלשות, אַ פאַר־בלוטיקטער... אַ שכן פאַרנעמט זיין פּלאַץ. אָפּגעשמיסן אייניקע פון אונז, — ווערט זיי דאָס דערעסן. דאַן הייבט מען גלאַט אָן צו שלאָגן מיט די באַמבוס־שטעקנס, וואו נאָר עס לאָזט זיך... מיין שכן האָט מען צעבראָכן די קינבאַקן; ער האָט אַ לאַנגע צייט שפּעטער ניט גע־קאָנט עסן, ניט רעדן... אַן אַנדער חבר האָט מען צעבראָכן דעם נאָז; נאָך אַן אַנדערן האָט מען געגעבן מיטן פויסט אין אַן אָנגעשוואָלן אויג; ער האָט שוין מער ניט געקאָנט אויף איר זען...

איך האָב באַקומען 45 שמיץ און צוויי מאָל דערביי געחלשט... מיין פריינד, — דער זעכציק יאָריקער קאַטוילישער גלח מ., האָט באַ־קומען „נאָר" 30 שמיץ. דער קאָמענדאַנט פון תּפיסה האָט דערביי מיט שפּאָט באַמערקט: „צו גייסטלעכע מוזן מיר זיך באַציען מיט אַ געוויסער מאָס רעספּעקט"...

דאָס איז געווען אַ שרעקלעכע נאַכט. דרייסיק פון אונז האָט מען צעקאַטעוועט ביז מיר האָבן פאַרלוירן דעם באַוואוסטזיין. אַמערגסטן האָבן געשלאָגן דער קאָמענדאַנט און דער לייטענאַנט.

נאָכדעם זיינען זיי אַוועק אין דער שכנותדיקער קאַמער. און ווידער האָבן אין דער שטילקייט פון דער נאַכט אָפּגעהילכט קולות פון געפּייניקטע און שכורע געשרייען פון די מערדער...

אין דער פרי האָבן אייניקע פון אונז זיך מער ניט געקענט אויפ־הייבן פון זייערע געלעגערס. דאָס איז געווען דאָפּלט טראַגיש; די

וועכטער האָבן זיי אָוועקגעטראָגן אין דער אַזוי גערופֿענער „קראַנקנ־צעלע". דאָס איז געווען אַ פֿינסטערער קעלער, אָן אַ פֿענצטער, אָן לופֿט, אַכט קוואַדראַט מעטער די גרויס. דאָס איז געווען דער ערגסטער פּלאַץ אין „פֿאָרט זיבן".

וואָס זאָג איך דער ערגסטער פּלאַץ? ערגער פֿאַר אַלץ איז געווען די לאַך באַשטימט פֿאַר יידן. נאָר אייניקע פֿון זיי פֿלעגט מען ברענגען צו אונז אין טורמע, אָבער ווי שרעקלעך איז געווען זייער גורל!

אַט הערט:

אין אַ געוויסן פֿאַרנאַכט האָבן מיר דערהערט אין גרויסן קאָרי־דאָר עפּעס אַ מאָדנעם בילן ווי פֿון אַ הונט, באַגלייט מיט פֿריילעכע געשרייען, געלעכטער און קלעפּ. דער טומל האָט זיך דערנענטערט צו אונזער טיר. איך האָב זיך אויפֿגעהויבן און דורך אַ ברייטער שפּאַ־רונע אַרויסגעקוקט, כּדי צו זען, וואָס קומט דאָרט פֿאָר. און דער־זען האָב איך עטוואָס שרעקלעכעס, פֿון וואָס נאָך איצט גייט מיר דורך אַ שוידער איבער דעם לייב:

צוויי יידן מיט פּעטלעס אויף זייערע העלזער, לויפֿן אויף אַלע פֿיר. נאָך זיי יאָגט זיך אַ פֿריילעכע באַנדע געסטאַפּאָוצעס, — ברי־קענדיק מיט די פֿיס און קנאַקנדיק מיט בייטשן די אומגליקלעכע. מען הייסט זיי בילן און וואָיען. די יידן בילן מאָדנע שרעקלעך האָוקען זיי.

מען זאָגט זיי, אַז זיי זיינען הינט: זיי מוזן לויפֿן אויף אַלע פֿיר; זיי טאָרן זיך ניט אויסגלייכן; מען באַהאַנדלט זיי אָבער אַ סך ערגער, ווי אמתע הינט. מען האָט זיי אַפֿילו געגעבן הינטישע נעמען: איינעם רופֿט מען קאַרא און דעם אַנדערן בעללאַ. מען האַלט זיי אין אַ הינ־טישער בודקע אונטער די טרעפּ, וואו מען האָט אַריינגעוואָרפֿן אַ בינטל שטרוי. זיי דאַרפֿן דאָרט ליגן אין דער פֿינצטערניש. אַפֿילו קיין „כּלי" פֿאַר נאַטירלעכע באַדערפֿענישן האָט מען זיי ניט געגעבן! צו וואָס דאַרפֿן „הינט" אַ „כּלי"? מען האָט זיי „אויסדרעסירט", אַז ווען אַ געסטאַפּאָוויעץ רופֿט אָן איינעם פֿון זיי ביים „נאָמען", אָדער טוט אַ פֿייף, דאַרפֿן זיי בילן...

ווען מען פֿירט זיי אַרויס עסן מיט דער פּעטלע אויפֿן האַלז, — מוזן זיי שטיין אויף פֿיר „פֿיס". דאָס פֿירט מען זיי איצט „עסן" און די גאַנצע כאַלאַסטערע באַנדיטן פֿאַרוויילט זיך אויף זייער חשבון.

דאָס איז אַ שרעקלעך בילד, ווי זיי לויפֿן, אויף אַלע פֿיר, איבער דעם קאָרידאָר, באַוואַקסן מיט בערד, שמוציקע, נאַקעטע און אַזוי אונמענטשלעך דערנידעריקטע...

איך בין אַמאָל געווען אַן אַנטיסעמיט, איך ווער אָבער אויסגע־היילט פון דעם, ווען איך זע ווי מען פייניקט זיי אַזוי, איך פיל אַזוי שטאַרק מיט די דאָזיקע אומגליקלעכע, וואָס ליידן אַזוי פיל צוזאַמען מיט אונז...

וואָס פון זיי איז געוואָרן, — פון די דערגנידעריקטע מענטשלעכע באַשעפענישן, ווייס איך ניט: זייער בילן פלעג איך נאָך הערן אַ געוויסע צייט, שפּעטער איז דאָס שטיל געוואָרן: מסתּם האָט מען זיי דערשאָסן אָדער פאַרניכטעט...

* *

*

איך האָב זיך באַגאָסן מיט שווייס, ווען איך האָב פריער געלייענט און דערנאָך באַשריבן די דאָזיקע סצענע.

קיין שום קאָמענטאַרן בין איך פשוט ניט אימשטאַנד צו מאַכן. פאַראַן פאַקטן, — אַזעלכע משונהדיק גרויזאַמע, — אַז עס דוכט זיך, דאָס דער מאַרך הייבט זיך ביי איך אַן צו רירן... קיין שום תּפילה, וועלכע איך קען, קיין שום פּיוט, געשריבן אין די ערגסטע עפּאָכעס פון אונזערע לאַנגע ליידן זיינען ניט גענוג שטאַרק צו היילן דעם צער, וואָס רופן אַרויס די צוויי יידן מיט בערד, וועלכע מען האָט פאַרוואַנדלט אין שמוציקע הינט.

מיר ווייסן ניט און אפשר וועלן מיר שוין קיינמאָל ניט וויסן, ווער זיינען געווען די הייליקע ברידער אונזערע, וועלכע מען האָט פאַר־פייניקט אין „פאָרט זיבן" אין דער שטאָט פּויזן? אפשר רבנים אָדער דאָקטוירים? אפשר גלאַט אָרנטלעכע כּשרע יידישע האָרעפּאַש־ניקעס, אויף וועמען עס איז אויסגעפאַלן דער ביטערער גורל אויסצו־טרינקען דעם בעכער פון גאַל ביזן סאַמע סוף...

איך ווייס אָבער און פיל, אַז די שוידערלעכקייט פון דער דער־ציילטער גרויזאַמקייט וואָלט נאָר אַ רבי לוי יצחק פון באַרדיטשעוו געקאָנט ווי געהעריק ברענגען פאַרן „כּסא הכּבוד". ער — דער גרויסער ליבהאָבער פון „פאָלק ישראל" וואָלט שוין געפינען די פּאַסיקע ווער־טער, ווי אַזוי אופצושטורעמען די הימלען, ווי אַזוי צו פּראָטעסטירן קעגן פאַרלעצן דעם „צלם אלוהים"... איך קאָן די פּאַסיקע ווערטער ניט געפינען...

# א.

**פּאָסט פֿון „יענער וועלט" * פּאָליאַקן רופֿן צו העלפֿן יידן אין די געטאָס * יידן וואָס האָבן זיך געראַטעוועט און לעבן צווישן פּאָליאַקן * ווען דער טאָג פֿון משפּט וועט קומען * אונטערגרונד פּאָעזיע און אונטערערדישע פּרעסע.**

פֿון צייט צו צייט קומט די פּאָסט פֿון „יענער וועלט", פֿון דער אונטערערדישער באַוועגונג. איך בין אָפֿטמאָל דערביי און באַמערק די נערוועזיטעט פֿון די אַרומיקע, ווען דער דיפּלאָמאַטישער קוריער נעמט אַרויס פֿון זעקל די קליינע פּעקעלעך מיט צייטונגען, פֿאַרשיידענע בריוולעך מיט שיפֿרירטע אַדרעסן און אַפֿילו, ווי דאָס איז לעצטנס געווען דער פֿאַל — אַ קליין ביכעלע לידער, צונויפֿגעשטעלט פֿון פּאָעטן אין אַ קאָנצענטראַציע־לאַגער. וויפֿל געפֿאַר האָט דאָ געשטעקט, איידער מען האָט די אַלע קליינינקע פּעקעלעך אַרויסגעשמוגלט פֿון די נאַציס און געבראַכט צו אונז! וויפֿל לעבנס זיינען געשטאַנען אין קאָן און אָפֿטמאָל טאַקע פֿאַרלוירן געגאַנגען — איידער מען האָט ערגעץ אין אַ קעלער אויסגעזעצט און אָפּגעדרוקט אויף אַ האַנט־פּרעס אָט די שמאָלינקע בלעטעלעך פֿון די אונטערערדישע צייטונגען, וועלכע איך האַלט איצט אין מיינע הענט! וויפֿל מוט געפֿינט זיך אין די ווערטער פֿון דער זיבעציק־יאָריקער פֿרוי אָלשעווסקאַ, אַן אַלמנה פֿון אַ פּוילישן דיפּלאָמאַט, וועלכע זיינען אַרויסגעזאָגט געוואָרן עפֿנטלעך אין דעם דייטשן געריכט פֿון וואַרשע:

„איר האָט ביי מיר טאַקע אַנטדעקט די געהיימע דרוקעריי... נו, איז וואָס? איך בין אַן אַלטע פֿרוי און וועל שטאַרבן מיט שמחה פֿאַר דער פֿרייהייט פֿון מיין פֿאָטערלאַנד; אָבער אין דער זעלבער מינוט, ווען איר משפּט מיך, דרייען זיך שוין די רעדער אין אַנדערע געהיימע דרוקערייען און דאָרט ווערט איצט איבערגעגעבן דער גאַנג פֿון מיין פּראָצעס און אַפֿילו די ווערטער, וועלכע איך רעד איצט צו אייך..." אָלשעווסקאַ איז געשאָסן געוואָרן דעם זעלבן טאָג.

און אויב עמיצער פֿון אייך מיינט, אַז די אַלטע פֿרוי אָלשעווסקאַ האָט זיך נאָר באַרימט — האָט ער אַ טעות: איך האָב פֿאַר מיר דאָ

דעם נומער פֿון דער אונטערערדישער צייטונג „בולעטין אינפֿאָרמאַציני״, אַרויסגעגעבן אין וואַרשע דעם 6טן מאַי 1943. דאָרט געפֿינט זיך ניט נאָר אַ באַריכט פֿון פּראָצעס, נאָר אַפֿילו אַ פֿ אָ ט אָ ג ר אַ פֿ י ע פֿון קעלער מיט אַלע מאַשינען, וואו די צייטונג ווערט ג ע ה יי ם געדרוקט. איבער דער פֿאָטאָגראַפֿיע געפֿינט זיך אַן איינשריפֿט: „אַ ווינקל פֿון אונזער מיליטערישער קאַמפּס־דרוקעריי, וועלכע פֿייערט היינט איר דריי־יאָריקן יובל״... אויף דער פֿאָטאָגראַפֿיע זעט מען אַ גענוג גרויסע מאַשין, באַלויכטן מיט עלעקטרישע לאָמפּן, אַ לאַנגן קאָרידאָר, וועלכער פֿירט ערגעץ אין אַ פֿינצטערן חלל; אַ גרויסן פּאַק אָפּגעדרוקטע צייטונגען, וועלכע וואַרטן נאָר מען זאָל זיי נעמען און פֿאַרטיילן.

און איצט וועגן דעם אינהאַלט פֿון די נאָר וואָס אָנגעקומענע אונטערערדישע צייטונגען. אויף דער ערשטער זייט פֿון דעם שוין דערמאָנטן צייטונגס־נומער געפֿינט זיך אַ מעלדונג מיט גרויסע אותיות, אַז עס איז ערמאָרדעט געוואָרן אין קראָקע דורך די אונטערערדישע קעמפֿער דער פּאָליציי־גענעראַל קריגע — „פֿאַר זיין פֿאַרברעכערישע טעטיקייט און ספּעציעל פֿאַר הענגען און שיסן אומשולדיקע מענטשן״. דאָס באַשטעטיקט איינמאָל פֿאַר אַלעמאָל, אַז קריגער, דער בלוטיקר געהילף פֿון תּליון הימלער איז טאָקע טויט. די דייטשע ראַדיאָ האָט אַ לאַנגע צייט ניט געוואַגט צו דערציילן דעם אמת און האָט אַפֿילו געהאַט די חוצפּה אָפּצולייקענען די קלאַנגען, וועלכע זיינען דערגאַנגען אין אויסלאַנד, אַז עפּעס איז מיט קריגערן פֿאָרגעקומען. איצטער ווייסן מיר ניט נאָר, אַז ער איז הינגעריכטעט געוואָרן, נאָר אַפֿילו די איינצלהייטן ווי די צייטונג באַשרייבט זיי: „צוויי באָמבעס האָבן מיר געוואָרפֿן אויף זיין אויטאָמאָביל; זיי האָבן געהרגעט די וואַך און בײַם גענעראַל אַליין אָפּגעריסן ביידע פֿיס און אַ האַנט. דעם תּליון האָט מען גלייך גענומען אין שפּיטאָל, וואו ער האָט זיך געמאַטערט אַ פּאָר טעג און איז געשטאָרבן. איצט וועט ער דאַרפֿן אָפּגעבן דין וחשבון פֿאַרן רבונו של עולם פֿאַר אינספּירירן און אויספֿירן די בעסטיאַלישסטע איבערזידלונג פֿון די פּויערים אין לובלינער געגנט און פֿאַרן חיהשן פֿאַרטיליקן די יידן אין די פּוילישע געטאָס. מיר וואָרענען די אַלע היטלערישע פֿאַרברעכערס אין פּוילן, אַז מיר האָבן זיי אויפֿן צעטל און מיר וועלן זיי פֿאַרניכטן איינעם נאָכן אַנדערן״.

אַזוי שרייבט די פּוילישע צייטונג, און מיט צופֿרידנהייט נאָטירן מיר דעם פֿאַקט, אַז פּוילישע העלדן האָבן אויך אין זינען געהאַט דאָס

אומשולדיק פאַרגאָסענע י י ד י ש ע בלוט, ווען זיי האָבן געוואָרפן די באָמבע אויף קריגערן.

אין נומער 17 פון דער געהיימער צייטונג געפינען מיר אויך אַ רייע טויט־אורטיילן אויף פּ אָ ל י אַ ק ן, וועלכע האָבן געהאָלפן די דייטשן. אַזוי, צום ביישפּיל, האָט מען דערשאָסן אין וואַרשע דעם טראַמוויי־קאָנדוקטאָר יאַן ווענגאַרזשעווסקי פאַר מסרן חברים, וועלכע האָבן געפייערט דעם פוילישן נאַציאָנאַלן יום־טוב. אין לובלין האָבן רעוואָלוציאָנערן דערשאָסן אַ געוועזענעם סאַרדזשענט, אַ פּראָוואָקאַטאָר, סטאַניסלאַוו יאַניק צוזאַמען מיט זיין ווייב. דעם 15טן מאַי, דערציילט ווייטער די צייטונג זיינען אונזערע חברים אָנגעפאַלן אויף אַ קאָנוואָי, וואָס האָט אַרויסגעפירט פון לעמבערגער תפיסה אויף זאַמאַרסטינאָוו גאַס, 20 אַרעסטירטע און 16 פון זיי באַפרייט. די איבעריקע זיינען דערשאָסן געוואָרן. צווישן די 16, וועלכע זיינען אַנטלאָפן זיינען געווען 10 יידישע דאָקטוירים און אַדוואָקאַטן".

ביז גאָר אינטערעסאַנט איז אַ מעלדונג אין נומער 16 פון „בולעטין אינפאָרמאַציני" וועגן אַן אורטייל פון געהיימען פוילישן געריכט איבער אַ רייע פאַרשטייער פון דער פּ ו י ל י ש ע ר אַריסטאָקראַטיע, וועלכע האָבן זיך געלאָזט אַריינציען אין אַ קאָרטן־שפּיל אין אַ גרויסן קלוב אין וואַרשע, וואו עס איז אַמאָל געווען די אָפיצירן־קאַסינאָ.

זעלבסטפאַרשטענדלעך, אַז די רעוואָלוציאָנערן האַלטן ניט קאָרטן־שפּילן פאַר קיין פאַרברעכן. די מעשה איז אָבער, וואָס די דייטשן האָבן איינגעאָרדנט אין דעם פּאַלאַץ אויף די אויאַזדאָווער אַלייען אין וואַרשע אַ מין מאָנטע־קאַרלאָ שפּיל־הויז, וואו מען פאַרשפּילט פאַרמעגנס. דאָס געלט פאַלט דערנאָך אַריין אין די דייטשע קעשענעס. די פּאַטריאָטן אָבער האַלטן, אַז די שפּיל־הייזער זיינען ספּעציעל געמאַכט געוואָרן, כדי די באַפעלקערונג זאָל פאַרגעסן די אָקופּאַציע־צרות. זיי וואָרענען דעריבער, אַז פּאָליאַקן טאָרן אין זיי ניט שפּילן. לעצטנס האָבן די פּאַטריאָטן געכאַפּט אין קאַסינאָ ביים שפּילן פאָל־גנדע פּערזאָנען: גראַף פּאָטאָצקי, גראַף פּלאַטער, גראַף סטאַדניצקי — די באַוואוסטע רייכע וואַרשעווער סוחרים בערענט, שאָלץ און אַ דאָקטאָרקע — ראַקאָווסקע. עס איז פאָרגעקומען אַ געהיימער משפּט און מען האָט זיי אַריינגעלייגט אין חרם. אויסער דעם האָט מען די גרופּע גראַפן אָפּגעוואָרט ביינאַכט ווען זיי זיינען פון קלוב אַרויסגע־גאַנגען, באַשמירט זיי מיט סמאָלע און שפּעטער אַרויסגעלאָזט אויף זיי פּעדערן פון קישנס... מיט איין וואָרט, מען האָט דאָ באַנוצט די אַלטע אַמעריקאַנער שטראָף פאַר שווינדלערס. כדי דאָס צו טאָן

האָט מען ווידער געמוזט ריזיקירן מיטן לעבן, אָבער די צייטונג שרייבט, אַז עס איז געווען אַזאַ פּרעכטיק בילד, ווען די גראַפֿן, איינ־געוויקלט אין סמאָלע און באַצירט מיט ווייסע פֿעדערן, זיינען געלאָפֿן איבער די אויאַזדאָוועד אַלייען, אַז עס האָט זיך געלוינט די „פֿאַר־שטעלונג״. ספּעציעל, זאָגט די צייטונג, ווייל אין וואַרשע זיינען אַנדערע פּוילישע פֿאַרשטעלונגען פֿאַרווערט.

פֿאַר מיר איז דאָס אינטערעסאַנטסטע דערביי ניט וואָס אַ גרופּע גראַפֿן זיינען געלאָפֿן ווי ניט דערקוילעטע הינער נאָך כּפּרות, נאָר ווייל דער באַשריבענער עפּיזאָד זאָגט עדות, אַז די אָרגאַניזירטע פּוי־לישע פֿאָלקס־מאַסן ווילען ניט טאָלערירן קיין שווינערייען אַפֿילו פֿון דער אייגענער אַריסטאָקראַטיע. אַז טיפֿע ענדערונגען קומען פֿאָר אונטער דער ווירקונג פֿון די געשעענישן אין דער פּסיכיק פֿון פּוילישן פֿאָלק.

און ווידער אַמאָל וועגן דער אומפֿאַרגעסלעכער העלדישקייט פֿון אונזערע ברידער, וועלכע האָבן אין די וואָכן פֿאַר פּסח, אַזוי מוטיק געקעמפֿט פֿאַר זייער כּבוד אין דער וואַרשעווער געטאָ. אָט זיינען נאָך אַ פּאָר ציטאַטן פֿון דער געהיימער פּרעסע, וועלכע איז לעצטנס אָנגעקומען. אָט וואָס מיר לייענען וועגן דעם אין נומער 17 פֿון „בולעטין אינפֿאָרמאַציני״, וועלכער איז דערשינען אין וואַרשע גראָד דאַן, ווען דער קאַמף איז געווען אין סאַמע ברען:

„מיר זעען שוין צו כּמעט אַ גאַנץ יאָר, ווי דאָס פֿאַרמאַטערטע און פֿאַרפּייניקטע יידישע פֿאָלק ווערט פֿאַרניכטעט אין אייראָפּע. מיר קוקן זיך צו צו דעם מיט אַ געפֿיל פֿון טיפֿע שרעק און אויפֿרעגונג, ווי אַזוי איז דאָס מעגלעך אין דער נייער וועלט־געשיכטע, אַז עטוואָס ענלעכעס זאָל איבערהויפּט קענען פֿאָרקומען? מיר האָבן פֿאַרשטאַנען, ווען דאָס טוען די געצנדינערישע היטלעריסטן, — ווייל דאָס איז דאָך זייער פֿילאָזאָפֿיע. מיר האָבן אָבער ניט געקענט פֿאַרשטיין, פֿאַרוואָס שווייגט די ציוויליזירטע וועלט! מיר האָבן ניט געקענט פֿאַרשטיין דעם שוואַכן אָפּקלאַנג, וואָס די געשעענישן האָבן אין אַמעריקע און ענגלאַנד, און מיר גיבן דאָך צו וויסן, אַז מ י ל י אָ נ ע ן מענטשן ווערן געמאָרדעט, אַז עס ווערן ניט געשוינט קיין קליינע קינ־דער און אַלטע פֿרויען; אַז אַן אָרגאַניזירטער סיסטעמאַטישער מאָרד פֿון אַ פֿאָלק קומט פֿאָר פֿאַר אונזערע אויגן...

מיר האָבן אויך ניט געקענט פֿאַרשטיין, פֿאַרוואָס לאָזן זיך די יידן אויסקוילענען אַן אַ ווידערשטאַנד? מיר קריסטן האָבן מיטגעפֿילט

זייער טראַגעדיע, אָבער מיט שטוינונג געוואָרט אויף אַן אַקט פֿון ווידערשטאַנד; אָבער מיר האָבן זיך ניט דערוואַרט!

דער העלדישער קאַמף פֿון דער יידישער באַפֿעלקערונג אין וואַרשע, האָט ווי אַ פֿייער באַלויכטן די באַהאַלטענע כּוחות אין דעם דאָזיקן וואונדערלעכן פֿאָלק... איצט, ווען מיר שרייבן די שורות, גייט אַן די מלחמה. די קעמפֿער שטיקן זיך אין אַן עסיקן רויך, די אויגן האַלב בלינד, אַן וואַסער... זיי טרעטן אָפּ שווייגנדיק טריט ביי טריט, ניט ווייל דער נאַצישער קעגנער איז שטאַרקער, נאָר ווייל דער פֿייער אין די ענגע געסלעך מאַכט אוממעגלעך פֿאַר זיי צו בלייבן אויפֿן אָרט... זיי טרעטן אָפּ לאַנגזאַם, כּדי עס זאָלן דערווייל אַנטלויפֿן די פֿרויען און קינדער דורך די צעבראָכענע ווענט פֿון געטאָ. זיי שוואַכן אָפּ די מוחות פֿון די שטורמיסטן, טויטנדיק זיי, ווי נאָר זיי דערנענטערן זיך. פֿאַר זיך דערוואַרטן די העלדן פֿון געטאָ נאָר איין נצחון: צו שטאַרבן מיט געווער אין די הענט אויף אַ באַרג פֿון טויטע קערפּערס פֿון פֿאַרפֿלוכטן שונא.

ביז איצט האָבן די יידישע קרבנות, וועלכע זיינען געפֿאַלן פּאַסיוו, אָן אַ ווידערשטאַנד, קיין נייע ווערטן ניט באַשאַפֿן. איצט אָבער, האָט אַ נייע גרויסקייט אויפֿגעפֿלאַמט איבערן יידישן פֿאָלק: די גרויסקייט פֿון שטאָלצן, באַוואָפֿנטן קאַמף פֿאַר די רעכט פֿון די וואָס וועלן בלייבן לעבן. אין פֿייער פֿון קאַמף ווערן אונז איצט אונזערע יידישע מיט־בירגער נענטער, ליבער, פֿאַרשטענדלעכער. זיי שמידן אויס אַ נייעם רינג פֿון ברידערלעכן צוזאַמענלעבן.

פֿאַר דעם טריבונאַל פֿון דער וועלט באַשולדיקן מיר דאָס גאַנצע דייטשע פֿאָלק פֿאַרן באַוואוסטזיניקן אויספֿירן די פֿאַרברעכנס, וועלכע עס האָבן לכתחילה געפּלאַנט די פֿירער.

די געטאָס ברענען און פֿון די פֿייערן לויפֿן און ראַטעווען זיך אומגליקלעכע שוואַכע יידישע מענער, פֿרויען און קינדער, וואָס קענען אַליין קיין געווער אין האַנט ניט האַלטן. עס איז אונזער הייליקער קריסטלעכער חוב צו רופֿן און צו שרייען צו אייך: „ראַטעוועט זיי! באַהאַלט זיי! זאָלן זיי זיין מיט אייך ביז דער שטורעם וועט אַריבער, ביז דער נצחון וועט קומען און צווישן אַנדערע וועט ער מעגלעך מאַכן, אַז אַ ניי, פֿריי פּוילן זאָל באַשאַפֿן ווערן צווישן די אייראָפּעאישע פֿעלקער".

עס האָט אויפֿגעבליצט ביי אונזערע ברידער דאָרט דער אור־אַלטער פֿלאַם פֿון די חשמונאים און פֿון בר־כּוכבא. עס האָט אַ ברי געטאָן מיט דער אייביקער קידוש־השם גרייטקייט, וואָס פֿלאַטערט

אין בלוט פֿון אונזער פֿאָלק פֿון דור צו דור; און די חלוצים און בונ־דיסטן און די לינקע רעוואָלוציאָנערן פֿון וואַרשעווער געטאָ האָבן מיטן חסידישן ברען פֿון זייערע הייליקע אָבות מקדש־השם געווען און געראַטעוועט דעם כּבוד פֿון גאַנצן פֿאָלק... אויך אונזער כּבוד, ווייל מיר האָבן נאָר געקענט מיט באַוואונדערונג פֿאַרצייכענען די געשעענישן אָן דעם זכות אַנטייל צו נעמען אין זיי.

דער אויפֿרוף פֿון די קריסטן אין וואַרשע וועט אַרייַנגעפֿלאָכטן ווערן אין דער שייַנענדער לעגענדע וואָס די שפּעטערדיקע דורות וועלן שפּינען אַרום דעם אויפֿברויז פֿון פּראָטעסט מיט געווער אין די הענט פֿון די פֿאַרפּייניקטע פּוילישע יידן.

צווישן די מאַטעריאַלן וואָס דער שרייבער פֿון די שורות האָט באַ־קומען פֿון אונטערערדישן פּוילן, געפֿינט זיך אויך אַ קליין ביכל לידער. געשריבן פֿון אומבאַקאַנטע פּאָעטן — פֿון וועלכע אַ טייל געפֿינט זיך ביז איצט אין די תּפֿיסות און קאָנצענטראַציע־לאַגערן, אַנדערע האָבן פֿאַרענדיקט זייערע לעבנס אויף באַריקאַדן און אַנדערע ביי דער וואַנט אַנטקעגן אַ „פֿייערינג סקוואַד".

די ערשטע זייט פֿון ביכל אַנטהאַלט אַ צייכענונג פֿון אַ ברייטן שווערד אויסגעשטרעקט איבער צעריסענע קייטן. דאָס ביכל הייסט: „לידער פֿון פֿרייהייט". עס זינגען די לידער מענטשן, אָפֿטמאָל צום טויט פֿאַרמשפּטע, חלומען פֿון אַ פֿרייער וועלט, אויב ניט פֿאַר זיי אַליין, איז כאָטש פֿאַר אַנדערע. די לידער רופֿן צו אַ לעצטן קאַמף מיט די אונטער־דריקער; זיי באַזינגען די באָמבעס, וואָס פֿאַלן איבער בערלין און נעמען נקמה פֿאַר „ביינער צעבראָכענע, פֿאַר שוועסטערס געשענדעטע, און פֿאַר קינדער צום טויט פֿאַרפֿרוירענע". עס איז פֿאַראַן אויך אין ביכל אַ ליד, ווי אַזוי צען יאָר שפּעטער נאָכן איצטיקן קריג, וועלן די זיגערישע העלדן פֿון קאַלטן נאָרוועגיע און הייסן ליביע, פֿון סטאַלינגראַד און סיציליע, זיך טרעפֿן אויף אַ נצחון באַנקעט און דערמאָנען צוזאַמען „די פֿאַרגאַנגענע יאָרן און זיגרייכע מאַרשן". דאָס ליד איז טאָקע פֿול מיט גליענדיקער האָפֿענונג, אָבער דער מחבר פֿון אים איז שוין טויט, צעקוועטשט פֿון די אומברחמנותדיקע רעדער ערגעץ אין אַ קאָנצענטראַציע קעמפּ.

אַמשטאַרקסטן זינגען די לידער, וועלכע שילדערן ווי בערלין ווערט באָמבאַרדירט און די זיסע באַפֿרידיקונג, וואָס דאָס ברענגט די גע־מאַטערטע אין קאָנצענטראַציע לאַגערן.

זייער צאַרט איז דאָס לעצטער ליד וועגן פרידן, וואָס דאַרף קומען אויף אַ וואונדער־שיינער וועלט און וועגן פרילינג, וועלכן ער, דער אַרעסטירטער וועט שוין מער ניט דערלעבן צו זען.

*) איך זע, ווי זיי שטעלן צום וואַנט דיך, מיין ליבער,
ווי ס'אָטעמען די ביקסן מיט עסיקן רויך...
איז וואָס, — מיין געטרייער? מיר קומען דאָס איבער!
די פאָן וועט נאָך פלאַטערן, אויפפלאַמען הויך.

איז וואָס, אַז עס הוליעט דעם שדם קאַמאַריליע,
און ס'פאַלן אַזוי פיל חברים אין שלאַכט?
דו זעסט, ווי עס קראַכן די ווענט פון באַסטיליע
און ס'צינדט זיך אַ זון אַן אין אייביקער פראַכט?

ווי שטאָלץ און ווי יונג און ווי איינזאַם מיר שטאַרבן, —
אָט דאָ ביי דער וואַנט, וואו דער שונא איז שטאַרק.
אָבער זע נאָר פונוויטן: די וועלט גליט אין פאַרבן
און ס'שטייגן מיליאָנען אַרויף אויפן באַרג...

אַ מחנה פון ברידער, אַן אַרמיי פון זיגער, —
די וועלט וועט צוריק ווערן פריידיק און פריי...
איז וואָס, אַז מיר זיינען אין נעגל פון טיגער?
מיר שטאַרבן ווי העלדן, מיר בלייבן זיך טריי...

עס האַמערן קלעפּ אויף געפאַלענע ברוסטן...
פאַרשטאָפּט אונזער מויל, פאַרכלינעט מיט בלוט,
די וועלט וועט נאָך קרוינען דעם העלד אומבאַוואוסטן
און קומען צוריק וועלן פרייהייט און מוט!

---

*) איבערגעדיכטעט פון מחבר.

## ג.

### וואָס מיר לייענען אין דער אונטערערדישער פּרעסע * אַ וואָרנונג צו פאַררעטער * אונטערערדישע געריכטן און אורטיילן וואָס ווערן אויסגעפירט * די „נייע אָרדענונג" לאָזט זיך פילן אין פּוילן * דייטשע באַריכטן וועגן זייערע צרות פון דער אונטערערדישער באַוועגונג * פּוילישער אונטערגרונד גיט אַרויס דייטשע צייטונגען כדי צו דעמאָראַליזירן דעם שונא.

עס קלינגט פאַנטאַסטיש, אָבער אומגעהויער דראַמאַטיש, ווען מען הערט ווי אַזוי די אונטערערדישע צייטונגען פון אייראָפּע — און נאָך מער — ווי אַזוי געניע געהיימע רעפּאָרטן פון דער לאַגע דאָרט גרייכן אין לאָנדאָן און וואַשינגטאָן. נאָך דער מלחמה — ווען מען וועט קענען אַלץ אויסדערציילן, וועלן מיר לייענען צענדליקער ביכער און הערן אַלערליי פאַנטאַסטישע מעשיות וועגן הונדערטער פרויען און מענער, וועלכע זיצן פעסט אין דער נאַצי־מאַשין אַלס אייגענע מענטשן, אָבער זיינען אייגנטלעך טרייע און איבערגעגעבענע פאַרשטייער פון אונזער צד.

עס ליגן פאַר מיר פיר נומערן פון דער פּוילישער אונטערערדישער פּרעסע, וועלכע זיינען דערשינען אין וואַרשע. צווישן דעם 4טן און דעם 28טן מערץ 1943. דאָס איז געווען מיט צוויי וואָכן פריער, איידער עס האָט זיך אָנגעהויבן דער בלוטיקער העלדישער קאַמף פון אונזערע יידישע מאַרטירער — אַ קאַמף וועלכער וועט אַריינגיין אַלס אַ שטאָלצער מאָנומענט אין אונזער רייכער געשיכטע פון מאַרטירערטום.

די אונטערערדישע צייטונגען זיינען פון קליינעם קעשענע־פאָרמאַט און פאַרמאָגן 15—20 זייטן, אָנגעפּיקעוועט געדיכט מיט נייעס פון דער גאַנצער וועלט.

מען דאַרף פאַרשטיין, אַז פאַר דער אָפּגעשלאָסענער, דורך פיינדלעכע באַיאָנעטן אָקופּירטער פּוילן — זיינען די נייעס פון אַמעריקע, ענגלאַנד און סאָוועט רוסלאַנד פון ערשטער וויכטיקייט, ווייל פאַר צוהערן זיך צו אַ ראַדיאָ קומט טויט־שטראָף. און אַזוי ווי קיין שום אויסלענדישע צייטונג דערגייט ניט קיין פּוילן, לייענט מען מיט דורשט די אונטערערדישע פּרעסע, זוכנדיק דאָרט אַ וואָרט פון האָפענונג און פון דערמוטיקונג און אַ תשובה אויף דער פראַגע: „ווען שוין, ווען וועט די גאולה קומען?" פאַר דרוקן אַזאַ צייטונג, פאַר פאַרשפּרייטן

איר, אָדער אַפילו ווען מען כאַפּט עמיצן זי לייענענדיק — איז די שטראָף: טויט! אָבער דאָס האַלט ניט אָפּ די צענדליקער טויזנטער פון דרוקן, לייענען און פאַרשפּרייטן די דינינקע, שמאָלינקע בלע־טעלעך, פון וועלכע עס טראָגט זיך די פליגלדיקע האָפענונג פון אַ באַפרייטער וועלט.

איך מוז מודה זיין, אַז אויך מיינע הענט האָבן געציטערט, ווען איך האָב געבלעטערט די צייטונגס־זייטלעך, וועלכע זיינען נאָך מיט צוויי וואָכן צוריק געווען אין וואַרשע, אין מיין ווייטער היימאַט, וואו אַזוי פיל נאָענטע, ליבע און אייגענע זיינען צום טויט פאַרפייניקט געוואָרן און אין הייליקע יסורים אויסגעגאַנגען...

אויף ז'ער 15טער זייט פון נומער 5 אין „רזשעטשפּאָספּאָליטאַ פּאָלסקאָ" (פוילישע רעפּובליק), געפינען מיר פאָלגענדיקן אויפרוף צו דער פוילישער באַפעלקערונג:

„וואָרנונג! די אָנפירונג פון בירגערלעכן קאַמף מעלדעט, אַז דאָס פוילישע פאָלק, וועלכעס איז אַליין אַ קרבן פון שרעקלעכן טע־ראָר — קוקט זי צו מיט שוידער און טיפן מיטגעפיל צו די לײדן פון די רעשטלעך פאַרבליבענע יידן, וועלכע ווערן אויסגעמאָרדעט דורך די דייטשן.

„מיר האָבן פּראָטעסטירט קעגן די דאָזיקע פאַרברעכנס פאַר דער גאַנצער קולטור־וועלט: מיר האָבן געהאָלפן יידן, וועלכע זיינען אַנט־לאָפן פון די געטאָס, אָדער פון קאָנצענטראַציע־לאַגערן. אַלס אַ רע־זולטאַט פון אונזער באַדייטנדיקער הילף אין ראַטעווען די אַנטלאָ־פענע—האָבן די נאַציס פאַרעפנטלעכט אַ פאַראָרדענונג, וועלכע דראָט מיט טויט־שטראָף, פאַליאַקן, וועלכע באַהאַלטן ביי זיך יידן. אין דער דאָזיקער קריטישער צייט האָבן זיך פונדעסטוועגן געפונען פאַרברעכער, וועל־כע האָבן זיך געמאַכט אַ נייע פּרנסה שאַנטאַזשירנדיק (בלעק־מיילינג) פערזאָנען, וועלכע באַהאַלטן ביי זיך יידן.

„די פוילישע אונטערערדישע בירגער־קאָמאַנדע וואָרנט דערי־בער די דאָזיקע פאַרברעכער, אַז זייערע מעשים ווערן רעגיסטרירט. זיי וועלן ווערן געמשפט און באַשטראָפט מיט דער גאַנצער שטרענג־קייט פון געזעץ, מעגלעך זאָפאָרט".

דאָס איז אַ היסטאָרישער דאָקומענט, וועלכער אַנטהאַלט אין זיך ליידער אַ באַשטעטיקונג, אַז אונזער פאָלק אין פוילן ווערט טאַקע פאַרניכטעט. דאָס זעט מען פון אויסדרוק: „די רעשטלעך פאַרבליבענע יידן"... פאַרגעסט ניט, אַז די צייטונג איז געדרוקט אין וואַרשע און דאָרטן ווייס מען געוויס דעם טראַגישן אמת.

אויף דער זעלבער זייט געפינען מיר צוויי טויט־אורטיילן קעגן פוילישע פאררעטער, וועלכע זיינען ארויסגעגעבן געווארן דורך א געהיימען פוילישן געריכט, וואס משפט לויט די אמאליקע געזעצן פון דער רעפובליק.

איינער פון זיי איז א הויכער פוילישער אפיצער פון דער פוילישער פאליציי, וועלכער האט געהאלפן די דייטשן כאפן מענטשן אין די גאסן און אוועקשיקן זיי אויף צוואנגס־ארבעט.

זיין נאמען איז ראמאן שוויענטשיצקי. — דער צווייטער איז יאן אסאווסקי, א באאמטער אין ארבעטס־אפיס, וועלכער איז אויך באשולדיקט געווארן פארן זעלבן פארברעכן.

דער געהיימער געריכט איז פארגעקומען דעם 12טן פעברואר, 1943, און שוין צוויי טעג שפעטער האבן העלדישע פאליאקן דערשאסן אין גאס זייערע אייגענע פאררעטער.

אין א צווייטער אונטערערדישער צייטונג איןווארשע: „בולעטין אינפארמאציני", לייענען מיר גלייך אויף דער ערשטער זייט:

„אין דער צייט פון 1טן נאוועמבער 1942 ביזן 1טן פעברואר, 1943, זיינען אין פוילן דערשאסן געווארן 53 פאליאקן, וועלכע זיינען געווען אגענטן פון דער געסטאפא. זאל דאס זיין אן אנלערנונג פאר אלע, וואס וועלן מיטארבעטן מיט די נאציס.

אונטערגעשריבן: דער שעף פון קאנספיראטיוון קאמף".

אין דער זעלבער צייטונג געפינען מיר אן אורטייל פון אונטערערדישן געריכט קעגן די דריי גרעסטע פוילישע ארטיסטן: סאמבארסקי, יונאשא־סטעמפאווסקי און לעשטשינסקי, וועלכע האבן אנגענומען די איינלאדונג פון די דייטשן און געשפילט אין א נאציפראפאגאנדע־פילם. דער אורטייל איז דערווייל: „געזעלשאפטלעכער באיקאט", און שפעטער — טויט, אויב זיי וועלן ניט איבעררייסן די קאנטראקטן"...

מיר געפינען אויך אין דער געהיימער צייטונג א בילדל, ווי אזוי עס לעבט זיך איצט די פאליאקן אין ווארשע:

אין משך פון דער וואך זיינען דערשאסן געווארן אין ווארשעווער פאוויאק־טורמע 70 פערזאן. זייערע נעמען זיינען צעקלעפט געווארן אויף די גאסן. אין טאמאשאוו־מאזאוויעצקי האט מען געשאסן 60 פערזאן, וועלכע מען האט באשולדיקט, אז זיי האבן געהאלפן פארטיזאנען אין די וועלדער.

אַלע שילער פֿון האַנטווערקער אין טעכנישע שולן האָט מען רעגיסטרירט און געהייסן זיך גרייטן אַרויספֿאָרן אויף אַרבעט קיין דייטשלאַנד.

אין וואַרשע זיינען ביז מערץ 1943 פֿאַרמאַכט געוואָרן 70 פּראָצענט פֿון אַלע קראָמען און האַנטווערקער־וואַרשטאַטן. די אייגנטימער זיינען אַוועקגעשיקט געוואָרן אויף צוואַנגס־אַרבעט.

קיין וואַרשע איז געקומען דער דייטשער צירק פֿון בערלין. די געהיימע קאַמף־אָרגאַניזאַציע האָט אַרויסגעגעבן אַ באַפֿעל, אַז קיין שום פּאָלאַק זאָל זיך ניט דערוועגן דעם צירק צו באַזוכן, ווייל די הכנסה גייט פֿאַר מיליטערישע צוועקן. עס האָבן זיך אָבער געפֿונען אַזעלכע, וועלכע האָבן דעם געהיימען באַפֿעל ניט געפֿאָלגט און געגאַנגען צו די פֿאָרשטעלונגען. פֿיל פֿון זיי האָט מען דערפֿאַר אויפֿן וועג אַהיים געשלאָגן, און זייערע דאַמען האָט מען אויסגעטאָן די קליידער אין די בלעק־אַוט־גאַסן. נאָך דריי טעג האָט זיך דער צירק פֿאַרמאַכט.

זייער אינטערעסאַנט איז דער באַפֿעל, געדרוקט אין דער אונטערערדישער צייטונג און אונטערגעשריבן: „גענעראַל גראָט, קאָמענדאַנט פֿון די באַוואָפֿנטע קרעפֿטן אין פּוילן". דער נאָמען איז זעלבסטפֿאַרשטענדלעך אַ פֿאַרשטעלטער.

אין אַ באַפֿעל דאַנקט דער קאָמענדאַנט אַ באַוואָפֿנטע אָפּטיילונג פֿון געהיימען פּוילישן מיליטער, וועלכע האָבן אונטערגעצונדן אַ דאָרף, פֿון וואַנען מען האָט מיט אַ יאָר צוריק אַרויסגעיאָגט די פּוילישע פּויערים און אַריינגעזעצט דייטשע קאָלאָניסטן. 60 פֿאַמיליעס פֿון די קאָלאָניסטן זיינען פֿאַרברענט געוואָרן אין דער נאַכט־שׂרפֿה מיט זייער גאַנצן האָב און גוטס.

דער קאָמענדאַנט טיילט מיט, אַז נאָר 5 פּאַרטיזאַנען זיינען דערביי פֿאַרלאָרן געגאַנגען און ער רעכנט אויס די אויסצייכענונגען, וועלכע זיינען אויסגעטיילט געוואָרן צו די אָנטיילנעמען פֿון דער העלדנטאַט.. צוויי סאָלדאַטן זיינען אַוואַנסירט צו אָפֿיצערן; 38 האָבן באַקומען דעם קרייץ פֿאַר העלדישקייט און די איבעריקע — לויב־באַשטעטיקונגען (סיטיישאַנס).

אַ טרויעריקן גרוס פֿון קאָנצענטראַציע־לאַגער אין מאַידאַנעק נעבן לובלין געפֿינען מיר אין „בולעטין אינפֿאָרמאַציני" נומער11 פֿון 18טן מערץ, 1943.

דאָרט האָבן זיך לעצטנס געפֿונען ביז 15 טויזנט אַרעסטירטע, פֿון וועלכע אַ העלפֿט זיינען געווען יידן.. עס איז, שרייבט די צייטונג,

„אַ שרעק אָנצוקוקן די צווי טויזנט אַרעסטירטע אין באַראַק נומער 2. שוין ניט קיין מענטשן, נאָר שאָטנס, אויסגעמאַטערטע, אָטעמען זיי מיט טויט. אין די איבעריקע באַראַקן — ניטאָ וואו צו שלאָפֿן. מען פֿאַלט אין דער נאַכט אויף דערפֿאַדלאָגע, אַנגעטאָן אין די זעלבע קליידער, וואָס מען טראָגט בייטאָג. וואַשן זיך דערלויבט מער נאָר איינמאָל אין וואָך. פּאָליאַקן זיינען צוזאַמען מיט יידן. די וועכטער זיינען דייטשן און בלוטדורשטיקע אוקראַינער".

*
* *

רוזוועלט און טשוירטשילס רעדעס ווערן געבראַכט אויספירלעך אין די אונטערערדישע צייטונגען און די באַפעלקערונג פאַרגעטערט זייביידע.

די שנאה צום אָקופּאַנט איז אַזאַ ווילדע, אַז ווען מען לייענט די אונטערערדישע פּרעסע פאַרשטייט מען גאַנץ גוט, אַז נאָך איידער אונזערע זיגרייכע אַרמייען וועלן באַווייזן דאָרט אָנצוקומען, וועט שוין די באַפעלקערונג אַליין דורך איר גלענצנד אָרגאַניזירטן אונטער־גרונד — מאַכן איר אייגענעם חשבון מיט די נאַציס. און דער רע־זולטאַט וועט זיין אַזאַ, אַז דער טייוול אין גיהנום וועט זיך שרעקן.

איינע פון די אַממערסטן כאַראַקטעריסטישע מעלדונגען, וועלכע מיר איז אויסגעקומען צו לייענען, איז אַ שטעל אין אַ געהיימען ראַפּאָרט פון פינסק צום נאַצי־קאָמאַנדיר פון דער בריסקער פעסטונג — אַ דייטשן גענעראַל.

דער ראַפּאָרט איז אַריינגעפאַלן אין די הענט פון די פּאַרטיזאַנען אויף דער סטאַנציע אין קאָברין. דער באַריכט איז זייער אַן אויס־פירלעכער, געשריבן אויף גאַנצע 24 זייטן.

דער נאַצי־קאָמענדאַנט אין פינסק שרייבט אַרום אויספירלעך, ווי אַזוי „באַנדעס" פון וויס־רוסן און פּאָליאַקן באַפאַלן די נאַציס אין די שטעטלעך און אין די דערפער — קוילענען זיי און פאַרניכטן די אַר־טיקע באַאַמטע, די „קאָלאַברייציאָניסטן". „אָבער — לייענען מיר — אַמשרעקלעכסטן שניידן אָפּ די פון אונזערע קאַמעראַדן, וואָס פאַלן אַריין אין די הענט פון די יידישע באַנדיטן, אָרגאַניזירטע און שטאַרק באַוואָפנטע אָפּטיילונגען אין די וועלדער אַרום פינסק, יאַנאָוו, לאַכווע, דאַוויד־גרודעק. די יידן זיינען פון די אַנטלאָפענע פון די געטאָס און קאָנצענטראַציע־לאַגער.

„זיי (די יידן) זיינען בלוטדורשטיק מיט חיהשע אינסטינקטן. אָפּט שניידן זיי אָפּ אויערן, נעזער, הענט און פיס פון אונזערע סאָלדאַטן און לאָזן זיי פריי, ניט טויטנדיק זיי"...

אַ מאָדנעם געפיל האָב איך געהאַט, ווען איך האָב זיך דער־וואוסט פון דעם דאָזיקן וויינענדיקן דייטשן ראַפּאָרט וועגן „רציחות" פון יידישע „באַנדיטן", אַנטלאָפענע פון די געטאָס, וועלכע קעמפן נאָך איצט אין די וועלדער און אין די פינסקער בלאָטעס.

* *
*

אַ וויכטיקע ראָלע אין אָפּשוואַכן די מאָראַל פון שונא אין די אָקו־פּירטע לענדער שפּילט אַ ספּעציעלער סאָרט אונטערערדישע פּרעסע. דאָס זיינען צייטונגען אין דער דייטשער שפּראַך, וועלכע ווערן פאַר־שפּרייט צווישן די דייטשע סאָלדאַטן גופא. מען קען זיך פאָרשטעלן, ווי געפערלעך אַזאַ פּראָפּאַגאַנדע־אַרבעט איז, ווען מען דאַרף שפּייזן דעם טיגער דירעקט אין דער „געמבע" אַריין און דערביי זיך אָפּהיטן, ער זאָל ניט אָפּבייסן די פינגער. פונדעסטוועגן געפינען זיך אַזעלכע העלדישע דרוקער און פאַרשפּרייטער, און די צייטונגען גייען אַרויס רעגלמעסיק און טוען אָפּ נוצלעכע אַרבעט.

אָט ליגט פאַר מיר אַ זעלטענער עקזעמפּלאַר פון אַזאַ צייטונג, — אין דעם פאַל, אַ הומאָריסטישע.

זי ווערט געדרוקט „ערגעץ־וואו" אין פּוילן און דערשיינט שוין דעם צווייטן יאָר יעדן חודש. דאָס בלאַט וואָס איך באַזיץ טראָגט דעם נומער 16, און איז דערשינען אין אַפּריל 1943.

אַזוי ווי פּוילן איז אַ וויכטיקער עטאַפּ־פּונקט פאַרן דייטשן מי־ליטער, ווערט די צייטונג פאַרטיילט אויף אַ געהיימניספולן אופן צווישן די אַזוי אויך נערוועזע סאָלדאַטן און דערמאָנט זיי וועגן די באָמבאַר־דירטע שטעט, וואו זייערע פאַמיליעס זיינען געבאָרן, און וועגן די „באַקוועמע" קברים, וועלכע זיינען פאַר זיי אָנגעגרייט אין דער שוואַר־צער פעטער ערד פון אוקראַינע.

די צייטונג וואָס איך ציטיר איצט, איז דערשינען אין דער וואָך פון קריסטלעכן פּסח, און שוין אויף דער ערשטער זייט זעט מען אַ בילד, ווי פייערדיקע פּאַסכע „אייער" פאַלן אויף רואינירטע דייטשע שטעט, וואו צווישן די חורבות לויפט דער עולם אין פּאַניק.

די אונטערשריפט אונטער דעם בילד לייענט זיך:

„אין מערב, דרום, איבעראַל
פאַרגאַרטלט אונז איין פעסטער וואַל,

בלויז איבער אונז, יאָ, ליידער, אַך!
פעלט אונז איין שטאַרקעס פּאַנצער־דאַך".

נאָכדעם ווי דער דייטשער סאָלדאַט ווערט אויף אַזאַ אופן דער־מאָנט, וואָס עס דערוואַרט זיין פאַמיליע אין דער „היימאַט", — ווען ער פאָרט אין וויטן רוסלאַנד שטאַרבן פאַר זיין „פירער", — קערט ער איבער די ערשטע זייט פון דער צייטונג און גלייך, אויף דער צווייטער זייט, ווערט ער „געטרייסט" מיט אַ בילד, וואָס ווייזט די „נייעסטע וואונדער פון דער קריגס־טעכניק", די „געהיימע וואָפן", וועלכע דער דייטשער גענעראַל־שטאַב האָט אָנגעגרייט פאַר זיינע סאָלדאַטן.

דאָס איז טאַקע אַ גאַר היפּשע דערפינדונג: מיר זעען, ווי יעדער סאָלדאַט באַקומט אַזאַ מין בעט מיט זיך אויפן פראָנט; אַט שלאָפט אין איר דער זעלנער ביינאַכט; אַט ווערט פון דער בעט אַ בודקע פאַר דער וואַך, אָבער אַז מען גיט אַ קוועטש אויף אַ קנעפּעלע, ווערט די בעט פאַרוואַנדלט אין אַ באַקוועמער „טרונע", וואו איר „גליקלעכער" באַשיצער ליגט אויסגעצויגן ווי אַ גראַף און האָט אַ הנאה פון טויט...

די צייטונג דערציילט אויך פון געבעלס' ליגנס און פון אָנגעפּרעסטע פאַרטייי־לייט; דערמאָנט וועגן די געפאַרן, וואָס דערוואַרטן דעם נאַצישן פאַסאַזשיר ווי נאָר ער וועט אויסשטייגן אויפן פראָנט. מיט איין וואָרט ווערט דאָ אַוועקגעקוילעט זיין קוראַזש נאָך איידער די אמתע קויל טרעפט אין ציל.

## ב.

**יידישע פאַרטיזאַנען * פויערים און גלחים פאַראייניקט מיט יידישע גערילאַס * „מענטשן פגרן", מאַשינען מוז מען אָפּהיטן * געטאָס פאַר פאַליאַקן * מעטאָדעם און „שטיק־לעך אַרבעט" פון דער אונטערערדישער באַוועגונג.**

איז דען אַ וואונדער, וואָס די יידישע פאַרטיזאַנען, אַנטלאָפענע פון די געטאָס, אָרגאַניזירן זיך אין גערילאַ־אָפּטיילונגען, וועלכע ווערן אַלץ געפערלעכער פאַר די דייטשן אין פוילן. אַ לעצטער באַריכט דער־ציילט, אַז אין געגנט פון לובלין האָט זיך באַוויזן אַ יידישע פאַרטיי־זאַנען־אָפּטיילונג פון 300 פּערזאָן, גוט באַוואָפנט, וועלכע פאַרשאַפט אַ סך צרות דעם שונא. אין אויגוסט האָט די יידישע גרופּע אויפגעריסן 12 בריקן, אונטערגעוונדן פיל שפייכלער מיט שפייז פאַר די דייטשן און צעבראָכן אַ באַן־צוג, טויטנדיק דערביי 50 נאַצים.

די אָרטיקע דאָרפישע באַפעלקערונג קאָאָפערירט מיט די גע־רילאָס. די פויערים פון אַ דאָרף אונטער קראַסניק אין צאָל פון 75 צוזאַמען מיטן גלח האָבן זיך פאַראייניקט מיט די יידישע קעמפער און פירן אויס צוזאַמען די אַקטן פון סאַבאָטאַזש. דער דאָרף איז גלייך פאַרברענט געוואָרן.

צענדליגער טויזנטער יידן, אַנטלאָפענע פון אַ זיכערן טויט, ווערן באַהאַלטן דורך דער פוילישער באַפעלקערונג און דאָס האָט געצייט לעצטנס די דייטשן אַרויסצוגעבן אַ ספּעציעלע פאַראָרדענונג, וועלכע דראָט מיט טויט־שטראָף יעדן, וואָס באַהאַלט יידן.

אויפן צווייטן טאָג אָבער האָט זיך באַוויזן אַ פאַראָרדענונג אונ־טערגעשריבן דורכן „טשיף פון קאָנספּיראַטיוון קאַמף", ד"ה דורכן קאָמאַנדיר פון דער אונטערערדישער פוילישער אַרמיי, אַז יעדער פּאָ־ליאַק, וואָס וועט מסרן אַ באַהאַלטענעם יידן וועט געשאָסן ווערן. עס איז אינטערעסאַנט דערביי צו באַמערקן, אַז אין דעם זעלבן נומער פון דער צייטונג, וואו די פאַראָרדענונג האָט זיך באַוויזן, איז שוין פאַראַן אַ מעלדונג, אַז 4 פוילישע מוסרים — זייערע נעמען און אַדרעסן זיינען אָנגעגעבן געוואָרן — זיינען טאַקע דערשאָסן געוואָרן.

בעסערע גרויסן זיינען פאַראַן פון ווילנע און טאַרנאָוו. אין ווילנע, זאָגט די לעצטע מעלדונג (פון 10טן סעפּטעמבער) דאָס דרייסיק טויזנט יידן געפינען זיך נאָך אין געטאָ דאָרטן. וועגן טאַרנאָוו ווערט דערמאָנט, אַז 5 טויזנט יידישע אַרבעטער זיינען נאָך אַלץ באַשעפטיקט, אין די שניידער־וואַרשטאַטן, וואָס אַרבעטן דאָרט פאַרן מיליטער. איך מוז דערביי דעמאָנען, אַז די ידיעה וועגן ווילנע און טאַרנאָוו שטאַמט פון די קרייזן אַרום דעם ענגלישן „אינטעליגענס סערוויס", וועלכע זיינען געוויינלעך פאַרלעסלעך. אַלס כאַראַקטעריסטישן קוריאָז איז ווערט צו נאָטירן, אַז פאַר יידישע שניידערס זיינען אַרויסגעגעבן געוואָרן ספּעציעלע פאַרשריפטן, ווי שנעל זיי דאַרפן אַרבעטן. דאָרט איז צו ביישפּיל פאַרגעשריבן, אַז דאָס מאַכן אַ לאָך פאַר אַ קנעפּל דאַרף געדויערן 8 סעקונדן... פאַר די אָבער, וואָס אַרבעטן ניט אַזוי שנעל עקזיסטירט אַ שטראָף, וועלכע נעמט אַוועק פון זיי ביז 40 פּראָצענט פון זייערע ברויט־פּאָרציעס.

אַז ניט נאָר יידן, נאָר אויך „כשרע אַריער" האָבן אויסצושטיין געהאַקטע צרות פון דעם אָקופּאַנט, ווייזן אַרויס צוויי לעצטע ידיעות. אין דער ערשטער ווערט געבראַכט אַ רעדע, וואָס דער גאַולייטער גריי־זער האָט געהאַלטן פאַר דער פויזנער האַנדלסקאַמער. עס דאַרף האָט געהאַלטן פאַר דעם פויזנער „טשעמבער אָף קאָמערס". עס דאַרף

דערמאָנט ווערן, אַז דער דאָזיקער גרייזער, היטלערס אַ פּערזענלעכער פריינד, איז אַ באַוואוסטער כאָם, און אַ מעלה האָט ער, דאָס ער זאָגט וואָס ער טראַכט.

צווישן אַנדערע האָט ער געגעבן פאָלגנדע אינסטרוקציעס צו די פאַרזאַמלטע דייטשע פאַבריקאַנטן: „איר דאַרפט באַטראַכטן די פּוילישע אַרבעטער, אַלס אַ מעכאַנישע אַרבעטס־קראַפט, אַזוי ווי קוילן אָדער עלעקטריציטעט. אין דאַרפט דעריבער שאַנעווען אַזאַ פאַרמעגן און עקספּלואַטירן אים אויף אַן עקאָנאָמישן אופן”...

אַלזאָ, אין דער „נייער אָרדענונג” — וועלכע וועט גליקלעכער־ווייז שוין קיינמאָל ניט קומען — וועלן די ניט־דייטשן באַהאַנדלט ווערן אַפילו ניט ווי מענטשן פון אַ נידעריקער ראַסע, נאָר שוין פשוט אַלס אַ קוואַל פון ענערגיע אָן אַ נשמה.

די צווייטע רעדע איז אַ קורצע, אָבער זייער אַ קלאָרע:

„די דייטשן טרעטן צו צו אָרגאַניזירן אין פּוילן אַן איזאָלירטן קוואַרטל פאַר פאָליאַקן, אַ מין געטאָ”.

אַ געטאָ פאַר פאָליאַקן אין דער דאָזיקער אַלטער, פּוילישער שטאָט, — אָט דאָס איז איינער פון די קאַפּריזן, וועלכע ווערן אין אונזער פאַרקריפּלטער צייט אָפּגעשפּילט מיט פעלקער. איך דערמאָן זיך, ווי אין 1936, ד״ה דריי יאָר פאַרן אויסברוך פון דער מלחמה, בין איך געקומען קיין פּוילן און אַ האַלבע נאַכט אַרומגעפאָרן איבער אַלע האָטעלן פון שטאָט, ווייל אומעטום האָט מען מיך געפרעגט, צי איך בין אַ ייד? נו, און אויב אַ ייד קאָן מען מיר קיין צימער ניט פאַרדינגען. מיט גרויס מי האָב איך געפונען וואו איבערצוגעכטיקן אין אַ האַלב־שמוציקער אַכסניא פאַר פּורמאַנעס. די פּוילישע שאָוויניסטן האָבן דאַן זיך מתקנא געווען אין די דייטשע נאַציסטן און אויף אַלע רעסטאָראַנען און קאַפע־הייזער פון שטאָט זיינען געהאָנגען שילדן: „איינטריט פאַר יידן פאַרבאָטן”.

אַן אויסנאַם איז נאָר געווען די יידישע קאַפעטעריע פון הירשליקן, וואו אַ ייד האָט נאָך געקענט אַריינקומען. איצט זיינען שוין אין פּוילן קיין יידן ניטאָ... אָבער אויך פאַר פאָליאַקן ווערט געמאַכט אַ געטאָ... זיי דאַרפן דאָס דינען פאַר די דייטשן אַלס דער קרבן, אויף וועלכן מען מאַכט די ראַסן־ און דיסקרימינאַציע־עקספּערימענטן.

מען רעדט ניט צו קיין דייטשן סאָלדאַט — מען באַהאַלט פון אים עסנוואַרג — אַפילו ווען ער לייגט פאַר אַ גוטן פּרייז... זעלטן ווען אַ נאַכט־וואַך קומט צוריק פון פּאָסטן.

פֿון דער אונטערערדישער פּרעסע דערוויסן מיר זיך, אַז אין דייטשלאַנד זיינען איצט געעפֿנט געוואָרן צענדליגער משוגעים־הייזער, איבערפֿולט מיט סאָלדאַטן, וועלכע זיינען אַראָפּ פֿון זינען אויפֿן רו־סישן פֿראָנט.

זעלבסטפֿאַרשטענדלעך, אַז פֿאַר אונז יידן איז דאָס אַ קנאַפּע נקמה צו שטילן אונזער גרויסן צער מיט דאָס ביסל דייטשע זעלבסטמערדער און משוגעים, כּל־זמן עס גייט נאָך אָן דער פֿאַרניכטונגס־פּראָצעס פֿון אונזער פֿאָלק, און עס זיינען נאָך אַלץ ניטאָ קיין סימנים, אַז דער משוגענער „פֿירער" אַליין, האָט זיך פֿאַרהאַלטן אין זיין ווילדקייט.

פֿאַנטאַזיע איז אָפּטמאָל שוואַכער ווי די ווירקלעכקייט—ווי די אמתע געשיכטע פֿון אַ גרופּע פּאַראַשוטיסטן — וועלכע זיינען אַ גאַנצע נאַכט געפֿלויגן פֿון לאָנדאָן — לאָמיר זאָגן — קיין ביעלאָוויעזשער וואַלד ערגעץ אין פּוילן, זיך אַראָפּגעלאָזן דאָרטן (אָדער אין אַן אַנדער פּלאַץ...) זיך באַגעגנט מיט מענטשן, וועלכע האָבן שוין אויף זיי געוואַרט. פֿאַרבראַכט אַביסל צייט אין וואַרשע, ווילנע, לעמבערג; דערליידיקט אַ רייע אָנגעלעגנהייטן; באַזוכט אַפֿילו די יידישע געטאָס אין יענע שטעט; געגומען מיט זיך ראַפּאָרטן אין אַן אָך־קוצך־שפּראַך — וועלכע וועלן אָבער שפּעטער איבערגעשריבן ווערן אויף הונדער־טער זייטן — וואו עס ווערט אַלץ גענוי דערציילט, ווי מען לעבט, ווי מען פֿאַבריצירט, ווער איז אַ „קוויזלינג" און ווער אַ מענטש מיט כּאַראַקטער — אַ העלד. ווי פֿילן זיך די דייטשן נאָך אַ גוטע לופֿט־באָמבאַרדירונג און וואָס רעדן צווישן זיך געוועזענע עסטרייכישע אָפֿיצירן און סאָלדאַטן.

אויף צוריקוועגס פֿאָרן די זעלבע פּאַראַשוטיסטן מיטן באַן — מיט די בעסטע דאָקומענטן אין קעשענע; געסטאַפּאָ־פֿירער און שטור־מיסטן באַגריסן זיי אָפּט די ערשטע מיט „הייל־היטלער"... און שפּעטער ערגעץ אין פֿראַנקרייך, האָלאַנד, בעלגיע ווערן זיי אויף אַ וויילע פֿאַרשוואונדן, כּדי פּלוצלונג אַרויסצושווימען ווידער אין לאָנדאָן אָדער ניו־יאָרק.

זאָל זיך אייך ניט דוכטן, אַז דאָס וואָס איך האָבן נאָר וואָס דער־ציילט איז אַ סצענאַריאָ פֿאַר אַ פֿילם. דאָס איז גלעקלעכערווייז אמתע ווירקלעכקייט — אַ דאַנק וועלכער מיר האָבן טאַקע די אַלע געהיימע ציטונגען און ראַפּאָרטן פֿון „יענעם זייט סמבטיון".

הונדערטער ספּעציעלע באַאַמטע אין לאָנדאָן און וואַשינגטאָן זיצן און באַטראַכטן די דאָזיקע ראַפּאָרטן — יעדער לויט זיין ספּעציאַלי־טעט. ניט ווייניקער, ווי 80% פֿון די אַלע ידיעות זיינען שטרענג גע־

היימע און שטעלן פֿאַר מיט זיך די ליכטיקע אויגן, וואָס זיינען די וועג־פֿירער אין אונזערע העלדישע פֿליער אין די פֿענצטערע נעכט איבערן לאַ־מאַנש אָדער אויפֿן וועג קיין רוים.

אָט זיינען אַ פּאָר איינצלהייטן און פֿאַקטן וועגן די אונטערערדישע קעמפֿער און זייערע מעטאָדן.

זעלבסטפֿאַרשטענדלעך, דערציילנדיק די פֿאַקטן מוז איך אָננעמען שוץ־מיטלען קעגן זיך אַליין און פֿאַרזיכטיק זיך באַגיין מיט די ראַ־פּאָרטן, וועלכע רופֿן אָן נעמען, פּלעצער און דאַטן. פֿונדעסטוועגן, האָף איך, אַז די דאָזיקע פּרייוווליקע „צענזור" וועט ניט שטערן דעם בילד פֿון וואונדערלעכן, העלדישן און אָפּט לעגענדאַרן קאַמף, וועלכער קומט פֿאָר טאָג און נאַכט אין די וועלדער פֿון פּוילן.

עס איז ניט ווייט דער טאָג, ווען די אַרמיי פֿון אונטערערדישע סאָלדאַטן פֿון גאַנץ אייראָפּע וועט אָנהייבן שטורמען פֿון אינעווייניק די „פֿעסטונג" פֿון נאַצי טיראַן, אויפֿטרייסלען אירע באַסטיאָנען, אונ־טערגראָבן די זיילן — און פּלוצלונג דערשיינען אין דער עפֿנטלעכקייט — אַ יונגע, שטאַרקע, עקזאַלטירטע, פֿרייהייטס־ליבנדע געמיינשאַפֿט פֿון בויער און נקמה־נעמער.

צו פֿאַרשיידענע פּאַרטייען געהערן זיי — די אַנאָנימע אונטער־ערדישע סאָלדאַטן. פֿאַראַן צווישן זיי „רויטע", מעסיקע סאָציאַליסטן און שאַרפֿע נאַציאָנאַליסטן . פֿאַראַן אויך אַ סך אומפּאַרטייאישע, פֿאַר־ביטערטע, באַליידיקטע און צעבראָכענע — ביי וועמען די פֿאַמיליעס זיינען אויסגעקוילעט און די הייזער פֿאַרברענט. זיי גליען מיט אַ פֿלאַמנדער שנאה.

עס טרעפֿט, אַז זיי זיינען צווישן זיך צעקריגט, די פֿאַרשיידענע גרופּעס פֿון דער אונטערערד; זיי נעמען זייערע באַפֿעלן פֿון אַפֿט קעגנגעזעצטע זייטן: פֿון מאָסקווע, אָדער פֿון לאָנדאָן, אָדער גאָר פֿון נייע ריכטונגען, וועלכע זיינען געשאַפֿן געוואָרן אין די אָקופּירטע לענדער און זיינען ברוגז סיי מיט מזרח און סיי מיט מערב... אַלע ווייסן וועגן דעם קאַמף, וועלכער ווערט געפֿירט אין דער יוגאָסלאַ־ווישער אונטערערדישער באַוועגונג צוויש ן די קעמפֿער, וועלכע זיינען אונטערן גענעראַל דראַזשאַ מיכאַילאָוויטש און די אַזוי־גערופֿענע „רויטע פּאַרטיזאַנען".

די געריליאַס אין פּוילן זיינען פֿאַרמירט אין גרופּעס פֿון 50 ביז 100 מאַן און אין דער געגנט פֿון די פּינסקער בלאָטעס אַפֿילו צו טויזנט מענטשן. זיי באַהערשן אייגנטלעך דעם גרעסטן

טייל פֿון גאַנצע גובערניעס, איבערלאָזנדיק די דייטשן אַ שטח פֿון דריי ביז זעקס מייל די גרעסערע שטעטלעך.

די נאַציס אָרדענען איין שטראָף־עקספּעדיציעס, אָפּטמאָל אַפֿילו מיט טאַנקען. זעלטן ווען מען כאַפּט די גערילאַס; אָבער די דערפֿער וועלכע מען איז חושד, אַז זיי העלפֿן זיי ווערן אומברחמנותדיק פֿאַרברענט און ווייניקסטנס יעדער צענטער מאַן פֿון די איינוואוינער ווערט געשאָסן.

איך האָב ניט לאַנג צוריק געזען אַ צעטל פֿון פֿאַרברענטע דערפֿער, מיט אַ גענויער באַצייכענונג וויפֿל הייזער עס זיינען דאָרט געווען, וויפֿל קי, שעפּסן, פֿערד, וויפֿל מענטשן זיינען דערהרגעט געוואָרן... דער צעטל האָלט גאַנצע 5 בויגן־זייטן. און דאָס אַלץ איז פֿאָרגעקומען אין ווילנער, נאָוואָגראָדקער, פּינסקער און לובלינער געגנטן.

און דאָס איז דער אופֿן ווי די גערילאַס גיבן זייער ענטפֿער:

1. צעברעכן באַן־טראַנספּאָרטן, ספּעציעל מיט מיליטער און בענזין.
2. מאַכן טיפֿע לעכער אין די שאָסייען, וואו מען פֿירט סחורות פֿאַר דער אַרמיי.
3. אונטערצינדן אַלע פֿאַבריקן און וואַרשטאַטן וואו מען פּראָדוצירט עפּעס פֿאַר דער אַרמיי.
4. ניט דערלאָזן, אַז בײַם שונא זאָלן זיך אָנזאַמלען שפּייז־זאַפּאַסן, אונטערצינדן זיינע שפּייכלערס מיט עסנוואַרג און תבואה.
5. ליקווידירן (ד"ה דערהרגענען) די אַדמיניסטראַציע, וועלכע אַרבעט פּאָליטיש מיט די נאַציס.
6. אויפֿבלאָזן אַ ברענענדיקע שנאה צו די נאַציס און אַלע וואָס זיינען מיט זיי.

און דער עולם פֿאָלגט. אין לידער אויעזד אַליין זיינען לעפּטן אַפּריל פֿאָרגעקומען 20 שרפֿות טעגלעך.

די גרויסע הוטע „ביעמען" איז אַוועק מיטן רויך און מיט איר אויך אַלע טאַרטאַקן, צעגעלניעס און תבואה־שפּייכלערס.

און ווען די „דיווערסאַנטן" ווערן „גאָר־גאָר פֿריילעך" כאַפּן זיי זיך אַריין אין אַ זונטיקדיקן טאָג אין אַ שטעטל — ווי דאָס איז געווען אין אַנטאָפּאָל, דראָהיטשין און יאַנאָווע, — האַלטן אָפּ אַ מיטינג אין מיטן העלן טאָג נעבן קאָשטשאָל, — און גייען אַוועק אין גאַנצן אומגעשטערט אין זייערע באַהעלטענישן. דאָס ביסל דייטשן און פּאָליציאַנטן פֿון שטעטל, ליגן דאַן פֿאַרשטעקט אין לעכער. אָבער שפּעטער, ווען קיין געפֿאַר איז שוין ניטאָ, קריכן זיי אַרויס און שיסן אַביסל אומשולדיקע אָרטיקע איינוואוינער.

די פיל טויזנטער דיוורסאַנטן * דאַרפן האָבן גרויסע מאָסן שפּייז.

צום „מאַיאַנטעק" פון פּריץ קאָוועלין נעבן ביאַליסטאָק איז צוגעפאָרן אויף פערד און וועגענער אַ שטאַרק באַוואָפנטע גרופּע „באַנ־דיטן" (ווי קלאָגן זיך די דייטשן אין זייערן אַ געהיימען ראַ־פּאָרט). מיט רעוואָלווערן אין די הענט האָבן זיי געפאָדערט פון איי־גנטימער ער זאָל זיי אַרויסגעבן דעם גאַנצן זאַפּאַס תבואה וועלכן ער האָט אַנגעגרייט פאַרן דייטשן מיליטער.

דער אייגנטימער האָט, זעלבסטפאַרשטענדלעך, דעם באַפעל אויס־געפירט. ווען די זעק זיינען אָנגעלאָדן געוואָרן אויף די וועגענער, האָט דער פירער פון די „באַנדיטן" אַרויסגעגעבן קאָוועלינען 2 קבלות: איינע אין דער דייטשער שפּראַך, אין וועלכער ס'איז געווען געזאָגט, אַז קאָוועלין האָט דעם באַפעל פון די דיווערסאַנטן אויסגעפירט, ווייל זיי האָבן אים געדראָט מיט טויט. עס ווערט אויך ווייטער אין דער קבלה געזאָגט, אַז אויב די דייטשע מאַכט וועט וואַגן אָנשטאָט די תבואה, וואָס איז געווען באַשטימט פאַר איר דעריבער אַוועקגענומען געוואָרן — פאָדערן אַנדערע תבואה, וועלכע איז געבליבן פאַרן גע־ברויך פון דער באַפעלקערונג—וועלן זיי, די דיווערסאַנטן, אונטער־צינדן אַלע שפּייז־זאַפּאַסן אין גאַנצן געגנט.

און אַ צווייטע קבלה האָבן די פּאַרטיזאַנען געלאָזן אין דער פּוילי־שער שפּראַך. אין דער קבלה דאַנקען זיי קאָוועלינען, וועלכער האָט פרייוויליק און פּאַטריאָטיש דערפילט זיין חוב און די תבואה וועלכע איז באַשטימט פאַר די דייטשן, אַוועקגעגעבן די פאָלקס־קעמפער. זיי ענדיקן: „דאָס באַפרייטע פאָטערלאַנד וועט אייערע פאַרדינסטן ניט פאַרגעסן".

ביידע קבלות זיינען אַריינגעפאַלן אין דייטשע הענט. די דייטשן האָבן זיך אָבער דערשראָקן פאַר דער דראָאונג פון די פּאַרטיזאַנען און איבערגעבליבענע תבואה פון קאָוועלינען ניט אַוועקגענומען.

איך האָב שוין ביי אַ פריערדיקער געלעגנהייט דערמאָנט וועגן די י י ד י ש ע פּאַרטיזאַנען, אויף וועלכע די נאַציס קלאָגן זיך, אַז זיי זיינען די גרויזאַמסטע.

אָט האָב איך נאָך אַ גרוס פון זיי, לויט דייטשע קוואַלן:

"די באַפעלקערונג אַרום די 'פּושטשעס' רוידניצקאַ, בערשטאַנס־קאַי און גאַליבאַצקאַ (דאָס זיינען געדיכטע וועלדער אין ווילנער געגנט), קלאָגט זיך זייער שטאַרק, אַז זי ליידט פון יידיש־פּויערישע באַנדעס פון

---

* אונטערן נאָמען „דיווערסאַנטן", „פּאַרטיזאַנען" אָדער „גערילאַס" זיינען תמיד געמיינט די קעמפער פון אונטערערדישן פּוילן.

רויבער־פאַרטיזאַנען. זיי באַהערשן די גאַנצע געגנט, צו 20—30 פערזאָן אין אַ גרופּע. אַזעלכע גרופּעס זיינען פאַראַן אַרום הונדערט. זיי באַפאַלן שטעטלעך, דערפער, צינדן אונטער די אַדמיניסטראַטיווע געביידעס, קוילענען די וועכטער און באַאַמטע, פירן דורך זעלבסט־געריכטן...״

„אין יעדער ׳באַנדע׳ זיינען פאַראַן אַרום 60 פּראָצענט יידן, אַנטלאָפענע פון ליטווישע און פוילישע געטאָס און אַרום 40 פּראָצענט, וועלכע האָבן געמוזט פאַרלאָזן זייערע דערפער צוליב ׳פאַרברעכנס׳, אָדער נויט. די דאָזיקע פּאַרטיזאַנען ווערן געהאַלטן פאַר די אַמ־מייסטן געפערלעכע...״

אַזוי זאָגן די דייטשן. מיר פון אונזער זייט דאַרפן לעזן צווישן די שורות, פאַרשטיין, אָפּשאַצן און אויך אַ קלער טאָן וועגן דעם, וואָס פאַר אַ נייע ערשיינונגען און פּסיכישע אַנטדעקונגען מיר וועלן באַ־געגענען, ווען די מלחמה וועט זיך ענדיקן און פון די טיפענישן פון די וועלדער וועלן אַרויסגיין צו אונז די אין ליידן און געפאַרן אויס־געשמירטע יידישע פּאַרטיזאַנען... וועלן מיר זיך דאַן קעגנזייטיק פאַרשטיין?

פון צייט צו צייט קומען אַראָפּ אָפּיצערן און שליחים סיי פון מזרח און סיי פון מערב. זיי אינספּעקטירן די אונטערערדישע מחנות; ברענגען זיי געווער און פּראָפּאַגאַנדע־מאַטעריאַל; גיבן באַפעלן און נעמען אָפּ די נייטיקע ידיעות, וועלכע ווערן שפּעטער אויסגענוצט פאַר די געבענטשטע הענט פון די אַליאירטע פליער.

אָט איז אַ וועלדל נעבן דער באַן־סטאַנציע „עקס״. אַן אומשולדיק וועלדל, וואו פאַרן קריג פלעגן דאָרטן שפּאַצירן אין הייסע זומערדיקע אָוונטן בחורים און מיידלעך... ניטאָ שוין מער די יוגנט אין שטעטל; קיינער איז מער ניטאָ. דערפאַר אָבער האָט מען מאַנאַטן לאַנג געבויט אין וועלדל געביידעס פון אייזן־ און בעטאָן. נאָר „פאָלקס־דויטשע״ און מיליטערישע אינזשינירן האָבן דאָרט געאַרבעט. געפערלעכע מאַ־טעריאַלן האָט מען פּראָדוצירט אין די געביידעס, כאָטש דאָס וועלדל האָט דאָס צוגעדעקט מיט זיין גרינעם אומשולד, ווי אין די אַמאָליקע צייטן. די אידיליע האָט געדויערט אַ גאַנץ יאָר — ביז אין אַ פאַרטאָג זיינען איבער דעם וועלדל — דווקא איבער אים — ניט רעכטס און ניט לינקס — געקומען עראָפּלאַנען און צעשמעטערט די בוימער און אָנגע־צונדן די געביידעס. פאַרדעכטיקע פיאָלעט־פייערן האָבן געשאָסן צום הימל און עדות געזאָגט, אַ זעס איז שוין נאָך אַלעמען: ניטאָ מער קיין וועלדל, אָבער עס איז שוין אויך מער ניטאָ די פאַבריק פון סינטעטישן גאַזאָלין נעבן דער סטאַנציע „עקס״... און ערגעץ אין

אַ דאָרף רייבן זיך די הענט פֿון פֿרייד טרייע און העלדישע דיוועד־סאַנטן, וואָס האָבן אָנגעוויזן, ווּעמען מען דאַרף, דעם ריכטיקן אַדרעס.

און אָט איז אַ גאָר לעצטע ידיעה, וואָס האָט שוין צו טאָן מיט מוסאָליניס בראָך: אין געגנט צווישן לאָדזש און אויאַזד זיינען באַ־שעפֿטיקט טויזנטער איטאַליעניִשע אַרבעטער ביי אַ געוויסן טעקסטיל־פֿאַך. זיי טראָגן אַ האַלב־מיליטערישע קליידונג און אַרמבענדער מיט קאָלירן פֿון דער איטאַליעניִשער פֿאָן, כּדי מען זאָל זיי קענען אונטער־שיידן פֿון די דייטשן, באַשעפֿטיקטע ביים זעלבן פֿאַך. די געהיימע ראַדיאָ טיילט מיט, אַז מיטוואָך דעם 27טן יולי 1943 האָט זיך צווישן זיי אָנגעהויבן אַ טומל און די אַרבעט אין די אויאַזדער וואַרשטאַטן האָבן זיך אָפּגעשטעלט אויף אייניקע שעה, ווען מען האָט דערבאַטירט די גע־שעענישן אין איטאַליע.

דעם זעלבן טאָג האָט דער קאָמענדאַנט פֿון אונטערערדישן קאַמף אין פּוילן, דער געהיימניספֿולער גראָט (אַ פּסעוודאָנים), אַרויסגעגעבן אַ קורצן, אָבער שאַרפֿן אויפֿרוף:

„העלפֿט די איטאַליענער דעזערטירן אַהיים! גיט זיי ציווילע קליידונג; באַזאָרגט זיי מיט פֿאַלשע דאָקומענטן; לאָזט זיי איבער־נעכטיקן און גיט זיי שפּייז! היטלער קלייבט זיך פֿאַרהאַלטן די איטאַליענער אַלס משכּנות — כּדי זייער אַרמיי זאָל ווייטער אָנגיין מיטן קריג. מיר דאַרפֿן שטערן אין דעם, און העלפֿן זיי אַנטלויפֿן!“

אין דעם פֿאַקט זיינען פֿאַראַן צוויי אינטערעסאַנטע מאָמענטן: ערשטנס די שנעלע רעאַקציע אויף די געשעענישן הינטער די ליניעס פֿון היטלערישן פֿראָנט, און צווייטנס — וואָס מיר ווייסן וועגן דעם אויף דעם דריטן טאָג מיט אַלע איינצלהייטן.

זייער אינטערעסאַנט איז אויך די מעשה מיט די באָמבאַרדירונגען פֿון וואַרשע און אַנדערע שטעט אין פּוילן, וואָס די סאָוועטן האָבן דורכגעפֿירט דעם 20טן אויגוסט און דעם ערשטן סעפּטעמבער 1942.

דעם 20טן אויגוסט, האָט אַ שטאַרקער סאָוועטישער לופֿט־פֿלאָט באָמבאַרדירט וואַרשע און צעשמעטערט פֿיל הייזער אויף מאַרשאַלקאָווסקאַ, מאַזאָוויעצקע, יערוזאַלימער אַלייען און אַנדערע ריין־פּוילישע געגנטן. אייניקע באָמבעס האָבן זאַגאַר געטראָפֿן אויף לעשנאָ גאַס, אין האַרץ פֿון דער יידישער געטאָ — און צעבראָכן אַ גרויס הויז.

עס זיינען דאַן געטויט געוואָרן אַרום 300 פּאָליאַקן און 1600 זיינען פֿאַרוואונדעט געוואָרן.

עס האָט זיך אָנגעהויבן אין וואַרשע אַ טומל: ס׳טייטש, די שטאָט ליגט נאָך אַ רואינירטע פֿון די ערשטע טעג פֿון דער מלחמה, ווען די

דייטשן האָבן איר אַזוי אַכזריותדיק צעשמעטערט; פאַרוואָס קומט דאָס, אַז אונזערע פאַרבינדעטע זאָלן דווקא באָמבאַרדירן די פוילישע געגנט, דורכלאָזן דעם פּרעכטיקן קוואַרטאַל פון די אויטאָזאָווער אַלייען, ווי עס זיינען קאָנצענטרירט אַלע דייטשע אונסטיטוציעס און די דייטשע באַפעלקערונג.

דער געשריי איז דערטראָגן געוואָרן צו וועמען מען דאַרף; די סאָוועטישע פליער זיינען מיט צען טעג שפּעטער געקומען צוריק און געמאַכט אַ חורבן צווישן די דייטשע וואוינונגס־פּלעצער. איבער 500 דייטשע זעלנער און באַאַמטע זיינען געהרגעט געוואָרן. עס זיינען, אמת, אויך 200 פּאָליאַקן געפאַלן, אָבער דאָס איז שוין אומפאַרמיידלעך. די פּאָליאַקן האָבן פאַרשטאַנען, אַז די סאָוועטישע פליער האָבן שוין די אמתע מאַפּע פון וואַרשע און ווייסן וואו אַראָפּצולאָזן די באָמבעס.

דעם זעלבן טאָג זיינען אויך באָמבאַרדירט געוואָרן לאָדזש, סקער־ביעוויץ, מאַלקין, שעדלעץ, וולאָצלאַוועק און וואָלבראָם. עס איז, ווייזט אויס, געווען געמאַכט מיט אַ גוטן ערפאָלג און לויט די ריכטיקע אַדרעסן ווייל אין די פוילישע ראַפּאָרטן געפינען מיר ניט קיין אָנ־קלאָגעס...

מיט טויזנטער ליכטיקע אויגן קוקט אַרויס די אונטערערדישע אַרמיי פון אירע פינצטערע לעכער. מיט אַ ליידנשאַפטלעכער אומ־געדולד וואַרטן זיי אויפן סיגנאַל אַרויסצוגיין אין אָפענעם קאַמף.

## ג.

# איינצלהייטן פון קאַמף אין וואַרשעווער געטאָ.

**ווי אַזוי די מלחמה אין געטאָ איז אָרגאַניזירט געוואָרן * די סיבות און דער אויסברוך * טראַגישע און דראַמאַטישע פּרטים צו מערשטן מאָל פאַרעפנטלעכט * וואַרשעווער יידן זיינען באַגאַנגען דעם גרעסטן אַקט פון קדוש־השם.**

ביז איצט האָבן מיר נאָר געהאַט איינצלנע, אָפּגעריסענע ידיעות וועגן וואונדערלעכן קאַמף, וועלכן די וואַרשעווער יידן האָבן אָנ־געפירט אין דער וואַרשעווער געטאָ. אָפטמאָל האָט זיך פּשוט אויס־געוויזן אומגלויבלעך, אַז אַזאַ קאַמף זאָל טאַקע האָבן פאָרגעקומען. ווי אַזוי איז דאָס מעגלעך, האָבן מיר זיך געפרעגט, אַז אויסגעמאַ־טערטע, אויסגעהונגערטע יידן, אַריינגענומען אין געפּאַנצערטן קלעם

פֿון דייטשן פֿויסט, זאָלן זיך „דערלויבן" אויף אַן אָפֿענע מלחמה מיט די נאַצי־באַנדיטן? מיר האָבן ניט געהערט, אַז אַזוינס זאָלן טאָן די פּראָנצויזן, די גריכן, די בעלגיער, אָדער די האָלענדער — און דאָ פּלוצלינג אַזאַ אויסברוך פֿון מוט און העלדנטום, וועלכע פֿאַרכאַפּן פּשוט אונזער אָטעם און פֿאַנטאַזיע. און דאָס האָבן געטאָן יענע נאָך־לעווקער יידן, וועלכע מען האָט פֿאַרשריען אַלס „טרוסן".

ווען איך פּלעג רעדן מיט קריסטן און אַפֿילו מיט אַזוי גערופֿענע „קלוגע" סקעפּטישע יידן וועגן די ידיעות, וואָס פֿאַלן אַריין פֿון צייט צו צייט אין מיינע הענט, אַז עפּעס גרויסעס, העלדישעס איז פֿאַרגעקומען היינטיקן פֿרילינג אין געטאָ — האָט מען זיך צו מיינע רייד באַצויגן אָפּטמאָל מיט אומצוטרוי; איך פּלעג הערן, ווי מען זאָגט: אָט גלויבט ניט די אַלע ידיעות; דאָס איז פּשוט פּראָפּאַגאַנדע; דאָס וויל מען נאָר מאַכן דעם אָנשטעל, אַז אין די אָקופּירטע געגנטן קעמפּט מען מיט דעם דייטש..."

איך האָב דעריבער מיט גרויס אומגעדולד געוואַרט, ווען עס וועלן אָנקומען גלויבנסווירדיקע ראַפּאָרטן, וואָס וועלן אונז דערציילן, וואָס עס איז פֿאַרט פֿאַרגעקומען אין וואַרשע אין די געהיימניספֿולע וואָכן נאָכן לעצטן פּסח. און ענדלעך האָב איך זיך דערוואַרט.

עס געפֿינען זיך אין מיינע הענט צוויי אָריגינעלע נומערן פֿון פּוילישע אונטערערדישע צייטונגען, וועלכע זיינען דערשינען אין וואַרשע ענדע אַפּריל און אין מיטן מאַי היינטיקס יאָר. אין די ביידע צייטונגען געפֿינען זיך גענויע באַשרייבונגען פֿון אומפֿאַרגעסלעכן קאַמף אין געטאָ.

די שרייבער זיינען פּאָליאַקן, איינער פֿון זיי, ווייזט אויס, אַ גרויסער אַנטיסעמיט. און כאָטש ער איז אונזערער אַ שונא, האָט מיט אים געטראָפֿן די זעלבע מעשה, וואָס מיט בלעמען, וועלכן בלק האָט איינ־געלאַדן, ער זאָל שילטן יידן און אַנשטאָט דעם האָט ער זיי געבענטשט. עויסער אייניקע שטעלן, וואו דער אַנטיסעמיט מישט צענויף יידן מיט דעזערטירן, בונדיסטן מיט קאָמוניסטן, איז די גאַנצע שילדערונג וועגן קאַמף דאָך אַן אָביעקטיווע און דורכגעדרונגען מיט באַוואונדע־רונג. אין דער צווייטער צייטונג, וועלכע איז אַן אָרגאַן פֿון די פּויע־רים, איז שוין די געשיכטע, ווי אַזוי יידן האָבן געקעמפּט, דורכ־געדרינגען מיט וואַרעמקייט, מיט באַוואונדערונג און מיטגעפֿיל. פֿאַר אַלע די, וואָס קענען וואַרשע, אירע גאַסן, אירע הויפֿן, אירע יידן און איר יוגנט — אָטעמען די געשעענישן מיט לעבעדיקער אַקטואַליטעט. מען הויבט אָן גלויבן דאָס אומגלויבלעכע; אַ גוט אָרגאַניזירטע

יידישע קאַמף־דרוזשינע האָט פֿאַריאָגט, און אייניקע וואָכן העלדיש געקעמפּט קעגן דער מעכטיקער דייטשער מיליטער־מאַשין באַוואָפֿנט מיט עראָפּלאַנען, טאַנקן און האַרמאַטן.

עס איז אָבער אַ פֿאַקט, און הערט, ווי ער ווערט דערציילט דורך צוויי עדות אין צוויי באַזונדערע אונטערערדישע צייטונגען. איך גיב איבער די געשיכטע אַלס איין גאַנצע שילדערונג, אויסטיילנדיק די שטאַרקערע עפּיזאָדן, כאָטש אין דער אמתן זיינע אַפּילו קליינע איינצלהייטן אויך אינטערעסאַנט:

„עס איז די וואָך פֿון 'איסטער' פֿון קריסטלעכן פסח. הינטער די פֿאַרשלאָסענע מויערן פֿון פֿינצטערן געטאָ וואוינען שוין ניט מער ווי אַרום 50 טויזנט יידן; אַלע איבעריקע זיינען נאָך מיט אייניקע חדשים צוריק אומגעקומען אין די שלאַכט־הייזער און גאַז־קאַמערן פֿון טרעמבלינקע, מאַידאַנעק, טראַוווניקי און בעלזשעץ. מען האָט געלאָזן נאָר די, וועלכע זיינען 'ניצלעך' פֿאַר דעם דייטש צו אַרבעטן אין זיין מיליטערישער פּראָדוקציע. איבערגעלאָזן די אַרבעטער מיט זייערע ווייבער און קינדער. אָבער פּלוצלונג, דעם 20טן אַפּריל, אין טאָג פֿון היטלערס געבורטס־טאָג, פֿאַלט אויף די טעראָריזירטע איבערגעבליבענע יידן אַ נייע באָמבע, אַ נייער באַפֿעל: 'מיר פֿאָדערן פֿון אייך איר זאָלט שיקן אין „ריכטונג צו מזרח" נאָך 5,000 יידן'".

„אַלע האָבן געוואוסט, וואָס עס מיינט 'שיקן אויף אַרבעט קיין מזרח'. זיינען דאָך ניט לאַנג צוריק געקומען צוויי אַנטלאָפֿענע יידן פֿון אַזאַ טראַנספּאָרט, וועלכע האָבן אַליין געזען און דורכגעלעבט די רייזע: 'שוין 40 מייל הינטער וואַרשע האָט מען זיי אַרויסגעוואָרפֿן פֿון די וואַגאָנעס, געהייסן גראָבן גריבער, נאָכהער אַלעמען אויסגעשטעלט און מיט מאַשין־ביקסן אויסגעמאָרדעט'. די צוויי געראַטעוועטע זיינען דאָס געווען די, וועלכע האָבן אָנגעצונדן דעם לעצטן פֿונק פֿון אויפֿשטאַנד. שוין פֿריער איז געווען אָרגאַניזירט דורך די געבליבענע יידן אין געטאָ אַ פֿאַראייניקטער קאַמפּס־קאָמיטעט, וועלכער איז באַשטאַנען פֿון אַלע פּאָליטישע ריכטונגען, ציוניסטן, בונדיסטן און אָרטאָדאָקסן. עס איז אַ פּאָר מאָל באַטראַכט געוואָרן די פֿראַגע, צי זאָל מען ענדלעך אָנהייבן אַ באַוואָפֿנטן אויפֿשטאַנד, אָדער אָפּוואַרטן, כּדי ניט שטעלן אין סכּנה פֿרויען און קינדער. דערווייל האָט מען אָנגעגרייט געווער, אַ גרויסער טייל פֿון וועלכער עס איז צוגעשטעלט געוואָרן דורך דער פּוילישער אונטערערדישער באַוועגונג אויסערן געטאָ. לויט איינעם פֿון די ראַפּאָרטן איז אין געטאָ אָנגעזאַמלט געוואָרן וואָפֿן, וועלכע וואָלט גענוג געווען צו באַוואָפֿענען אַ

גאַנצע דיוויזיע. מורא־האָבנדיק, אַז די דייטשן וועלן איבערשניידן די וואַסער־רערן — האָט מען אין די הויפּן אַנגעגרייט אַרטיזאַנער־ברונימער, אַזוי אַז מען זאָל ניט זיין אָפּהענגיק פון אויסערלעכן וואַסער. די יידן, וועלכע זיינען פעאיק געווען צום קאַמף, זיינען אַלע מאָביליזירט געוואָרן. געוועזענע אָפיצירן פון דער פוילישער אַרמיי האָבן איבערגענומען די קאָמאַנדע איבער באַזונדערע אָפּטיילונגען. פיל ווייבער און קינדער פון די מער אַקטיווע אָנפירער פון געפלאַנטן אויפשטאַנד זיינען נאָך אין אָנהייב אַפּריל אַרויסגעראַטעוועט געוואָרן דורך די מויערן פון געטאָ און אַוועקגעשיקט אין ווייטע דערפער צווישן פויערים. זייערע מענער און פאָטערס האָבן גוט געוואוסט, אַז מער וועלן זיי שוין ניט זען זייערע נאָענטסטע און ליבע, אָבער זיי האָבן העלדיש געקוקט דעם שיקזאַל אין די אויגן.

ווען אין פאַרפלוכטן טאָג פון היטלערס געבורטס־טאָג, דעם 20טן אַפּריל, האָט מען אַ פאָדער געטאָן נאָך פינף טויזנט יידן, איז דאָס געוואָרן ווי אַ סיגנאַל צום אויפשטאַנד. דורך הונדערטער שליחים פון גאַס צו גאַס, פון הויז צו הויז, איז געוואָרפן געוואָרן דער לאָזונג: „קיין איין מענטש וועלן מיר ניט געבן! בעסער אַלע ווי איינער שטאַרבן אין קאַמף!"

„די מאָביליזירטע האָבן גלייך פאַרנומען זייערע פּאָסטנס; וואָפן איז אַרויסגעגעבן געוואָרן. די טויערן פון געטאָ זיינען גענומען געוואָרן אונטער קאָנטראָל.

דער ערשטער פייער איז אויסגעבראָכן ביים אַריינפאָר אין געטאָ־טויער אויף דזשיקע גאַס: אַ אָפּטיילונג שטורמיסטן האָט אַריינמאַרשירט אין דער געטאָ, וואָס האָט אויסגעזען ווי אויסגעשטאַרבן.

„פלוצלונג אָבער האָבן זיך פון די שטילע 'טויטע' הייזער אָנגעהויבן שיטן קוילן פון די דעכער פון די פענצטער, פון די טויערן. די ערשטע שטורמיסטישע היננט זיינען געפאַלן, די אַנדערע זיינען צעלאָפן. עס האָט געדויערט אַ שטונדע, און דורך די טויערן אויף פראַנציסקאַנסקע און דזשיקע גאַסן, האָבן זיך אַריינגעריסן פיר פּאַנצער־אויטאָמאָבילן און נאָך זיי טראָקס אָנגעלאָדענע מיט דייטשע סאָלדאַטן; מען האָט אָנגעהויבן באָמבאַרדירן כאַאָטיש דעם מוראַנאָווער פּלאַץ, נאַלעווקעס און דזשיקע. אָבער ווידער אַמאָל זיינען די היטלעריסטן פון אַלע זייטן פאַרוואָרפן געוואָרן מיט האַנט־גראַנאַטן און באַהאָגלט געוואָרן מיט אַ געדיכטער שיסעריי פון די יידישע קעמפער.

„די פאַנצער אויטאָמאָבילן זיינען צעשמעטערט געוואָרן; פיל טויטע סאָלדאַטן זיינען געפאַלן און די איבעריקע זיינען פשוט אַנטלאָפן דורך די איצט שוין אָפענע טויערן פון געטאָ.

דעם 20טן אַפּריל האָבן די דייטשן פאַרשפּילט זייער ערשטע שלאַכט אין קאַמף מיט אַ באַוואָפנטן יידישן קעגנער.

„עס איז געעפנט געוואָרן דער ׳צווייטער פראָנט׳ אין די מויערן פון וואַרשע.

„נאָך אין דער זעלבער נאַכט זיינען געשטעלט געוואָרן האַרמאַטן אויפן קראַסינסקי פּלאַץ און אויף באָניפראַטערסקאַ גאַס און עס זיך אָנגעהויבן אַ רעגולע שלאַכט. די האַרמאַטן האָבן באַשאָסן די הייזער אויף די נאַלעווקעס... די גאַנצע שטאָט איז אַריינגעפאַלן אין אַ פּאַנישער שטימונג. ספּעציעל האָבן זיך דערשראָקן די ציווילע דייטשן אין זייער שטאָט־טייל: זיי האָבן געמיינט, אַז דאָס איז שוין דער סוף און אַז וואַרשע איז באַפאַלן געוואָרן פון אַ שונא... איבער יידישן געטאָ האָבן זיך אָנגעהויבן וויזן פלאַמען — און די גאַנצע שטאָט איז איינגעהילט געוואָרן אין אַ דיקן רויך. פאַרטאָג האָט אַ באַדייטנדיקע אָפּטיילונג פון נאַציס אָנגעהויבן שטורמען ד יהייזער ביי באָניפראַ־טערסקאַ און נאַוואָליפּיע גאַסן — דיביידע עקן פון געטאָ אָבער נאָך אַ שטאַרקערער פייער פון די יידישע פאַרטיידיקער האָט זיי באַגעגנט, און ווידער אַמאָל האָבן די נאַציס איבערגעלאָזן פאַרברענטע אויטאָמאָבילן און פיל געווער...

ביידע פוילישע עדות באַשטעטיקן, אַז די דייטשן האָבן זיך פאַר־האַלטן ווי ׳טרוסן׳, און נאָך אַ צוויי־שעהדיקן קאַמף זיינען זיי פשוט אַנטלאָפן.

די געטאָ איז געבליבן פריי פון פּאָליציי און פון סאָלדאַטן. ביי־טאָג האָט זיך אין די גאַסן קיין דייטש ניט באַוויזן. דערפאַר אָבער ביינאַכט, ספּעציעל די דריי נעכט פון 22טן, 23טן און 24טן אַפּריל, האָט די אַרטילעריע אויסער דער געטאָ באַשאָסן די הייזער און אונ־טערגעצונדן זיי איינע נאָך דער אַנדערער. אַזוי האָבן געברענט הונ־דערטער הייזער אויף נאַלעווקעס, קאַרמעליצקע, מילע, פּלאַץ מוראַ־נאָווסקי און סמאָטשע. זיי זיינען אַלע איינגעפאַלן און פון די דאָזיקע גאַסן זיינען געבליבן נאָר חורבות. אָבער דער קאַמף האָט זי דָנאָך אַלץ ניט אָפּגעשטעלט. פון די חורבות און פון די קעלערן זיינען אַרויסגע־לאָפן די יידישע גבורים און מיט באָמבעס און קוילן באַוואָרפן יעדע באַדייטנדיקע מיליטערישע אָפּטיילונג, וואָס האָט זיך פּרובירט אַריינ־באַקומען אין געטאָ. אַ גרויסע אָפּטיילונג יידישע קעמפער האָט זיך

פֿאַרפֿעסטיקט ביים ווינקל פֿון לעשנאָ גאַס און פּושעיאַזד. די דייטשן, וועלכע האָבן פֿאַרנומען די טלאָמאַצקע גאַס, האָבן דאַן אונטערגעצונדן די גרויסע סינאַגאָגע, כּדי זי זאָל זיי ניט שטערן ביים שטורמען די אַריינגאַנגען אין געטאָ.

ביידע פּאָליאַקן דערציילן:

„מיר ווייסן ניט ווי גרויס עס איז געווען די יידישע קאַמפּס־אָרגאַ־ניזאַציע און ווי שטאַרק באַוואָפֿנט זי איז געווען, אָבער פֿונדעסטוועגן האָט די געטאָ געקעמפֿט אין משך פֿון פֿיר וואָכן צייט קעגן פֿיל־פֿאַ־כיקע כּוחות פֿון דייטשן מיליטער. מיר קאָנען ניט פֿאַרשטיין, פֿון וואַנען האָט זיך ביי זיי גענומען אַזוי פֿיל מוט און אויסדויער".

פֿיר וואָכן צייט! האָט דאָך אַזוי לאַנג געדויערט דאָס באַלאַגערן פֿון וואַרשע, ווען די מלחמה האָט זיך אָנגעהויבן. און ווער האָט דאָס געקאָנט גלויבן, אַז אַ הייפֿל יידן וועלן דאָס ווידערהאָלן אין יאָר 1943?

און ווייטער דערציילן די באַריכטן:

„טאָג איין, טאָג אויס, וואָך איין, וואָך אויס האָבן זיך איבערן שטאָט געוויקלט די פֿייערן, וועלכע מען האָט געקאָנט זען צענדליקער מיילן ווייט. וויפֿל קרבנות זיינען געפֿאַלן, וויפֿל יידן זיינען אומגע־קומען, ווייסן מיר ניט און קיינער וועט שוין מסתּם קיין מאָל ניט וויסן. אין די צעשטערטע הייזער און קעלערן ליגן אויף קויל פֿאַרברענטע טויזנטער איבערבלייבענישן פֿון מענטשן, וועלכע מען קען ניט דערקענען און אָפּטיילן איינער פֿון צווייטן. מיר שאַצן, אַז אַרום פֿינף טויזנט פֿון די קעמפֿער זיינען ניט אַרויס לעבעדיק... די איבעריקע יידן האָבן זיך אונטערגעגעבן און געענדיקט מיטן געווייינלעכן מאַר־טירער־טויט. אייניקע טויזנט יידן האָבן זיך דעמאָלט, ווען די פֿייערן האָבן געפֿלאַקערט, זיך אַרויסגעריסן אין דער ברייטער וועלט דורך די אָפֿענע געטאָ־טויערן און זיינען פֿאַרשוואונדן געוואָרן צווישן דער־באַרעמדיקע מענטשן פֿון אַנדערע גלויבנס".

די פּאָליאַקן דערציילן, אַז אינעווייניק אין געטאָ און אין די אַרומיקע קוואַרטאַלן האָבן די יידן פֿאַרניכטעט אַלע פֿאַבריקן, וועלכע האָבן געאַרבעט פֿאַרן מיליטער: די גרויסע אַמוניציע פֿאַבריק אויף זשעלאַזנאָ גאַס, די פֿאַבריק פֿון מאַטראַצן אויף לעשנאָ, אַלע סקלאַדן פֿון דער אינטענדאַנטור מיט אוניפֿאָרמען, וועש, שטיוול און מעבל. די דייטשן שאַצן זייער היזק אין מיליאָנען דאָלאַרן. אַרום טויזנט גע־הרגעטע מיליטער און נאָך מער פֿאַרוואונדעטע זיינען אויפֿגעראָמט געוואָרן אין די גאַסן.

דאָס אינטערעסאַנטסטע דערביי איז, און דאָס דערקלערט אפֿשר די שווּעריקייטן, וואָס די נאַציס האָבן געהאַט ביים באַהערשן דעם אויפֿשטאַנד: מערסטנטיילס יידישע קעמפֿער זיינען געווען געקליידט אין דייטשע אוניפֿאָרמען מיט העלמען אויף די קעפּ, אַזוי אַז די דייטשן האָבן אָפּטמאָל ניט געוואוסט, ווער איז זייערס אַ זעלנער און ווער איז אַן איבערגעטועטער ייד, זייענדיק אָנגעטאָן אין נאַצישע מונדירן, האָבן די דרייסטע יידן זיך געקאָנט דערנענטערן צו די פּאַנצער־אויטאָמאָבילן און האַרמאַטן און צעשמעטערן זיי מיט האַנט־גראַנאַטן.

נאָך דעם ווי דער קאַמף האָט שוין געדויערט 10 טעג און מען האָט וועגן אים שוין אָנגעהויבן רעדן אין בערלין, איז קיין וואַרשע אָנגעקומען אַ גרופּע צייטונגס־קאָרעספּאָנדענטן, כּדי מיט זייערע אויגן צו זען, וואָס דאָ קומט פֿאָר. אַן עדות באַשרייבט, ווי מען האָט די שרייבער געבראַכט אין אַ טייל פֿון געטאָ, וואָס איז שוין דאַן געווען „באַרואיקט“, און קיין איין לעבעדיקער נפֿש איז דאָרט ניט געבליבן. די קאָרעספּאָנדענטן זיינען געווען אַרומגערינגלט פֿון אַ פּלאָטון שטורמיסטן. פֿאָרויס איז געפֿאָרן אַ פּאַנצער־אויטאָמאָביל מיט פֿאָטאָגראַפֿן. אויף די גאַסן זיינען געלעגן רויכערדיקע חורבות און צווישן זיי — ניט אויפֿגעראַמטע טויטע קערפּערס פֿון יידן און דייטשן. פֿון דערווייטנס האָבן זיך געהערט אָפּטע שיסערייען פֿון מאַשינען־געווער.

„פֿאַרוואָס באַגראָבט איר ניט די מיליטער־לייט? — האָט געפֿרעגט איינער פֿון די קאָרעספּאָנדענטן.

„ווייל מיר ווייסן ניט ווער פֿון זיי איז אַ דייטש און ווער אַן איבערגעטאָענער ייד“ — האָט ציניש געענטפֿערט דער אָפֿיציר, וואָס האָט געפֿירט די אָפּטיילונג.

שפּעטער האָט דער זעלבער אָפֿיציר דערקלערט די קאָרעספּאָנדענטן פֿאָלגענדעס:

„איר מוזט פֿאַרשטיין, פֿאַרוואָס עס קומט אונז אָן אַזוי שווער די פֿולשטענדיקע באַהערשונג פֿון דער גאַנצער געטאָ פּאָזיציע. די יידן האָבן זיך לאַנג געגרייט צו אָט דעם קאַמף. זיי האָבן זייערע קעלערן פֿאַרוואַנדלט אין אייזן־בעטאָן און דאָרט באַהאַלטן ווייבער און קינדער. די קעלערן זיינען צווישן זיך פֿאַראייניקט געוואָרן מיט אונטערערדישע דורכגאַנגען, די גאַנצע געטאָ איז פּשוט דורכגעשניטן מיט אַזעלכע קאַנאַלן אונטער דער ערד און ווען מיר נעמען איין הויז, זיינען שוין די פֿאַרטיידיקער אַנטלאָפֿן אונטער דער ערד אין אַן אַנדער גאַס. נאָך מער: עס זיינען געמאַכט געוואָרן אַפֿילו לעכער צו גאַסן אויסער דער געטאָ, פֿון וואַנען זיי קענען לייכט אַנטלויפֿן. מיר האַלטן דעריבער

איצט אויפֿן אויג אויך אַלע אַרישע גאַסן אויסער דער געטאָ... די יידן קאַפּיטולירן ניט, נאָר אָדער זיי פֿאַלן, אָדער ווערן אַנטרונען."

אַט אַזוי האָט זיך אַ שטורמיסטישער אָפֿיציר געקלאָגט פֿאַר דער פּרעסע, צווישן וועלכע עס זיינען אויך געווען איטאַליענער, אונגאַרן און שוועדן. ער האָט ווייטער פֿאָרטגעזעצט:

„דאָס איינציקע מיטל איז — פֿאַרניכטן זיי, פֿאַרניכטן אַלץ: מענטש, הייזער, עסנוואַרג, אַלץ! נאָר אויף אַזאַ אופֿן וועט אויפֿהערן דער „צווייטער יידישער פֿראָנט"!

איינער פֿון די פֿאָליאַקן גיט נאָך צו עטלעכע איינצלהייטן:

„איצטער איז שוין דער 15טער מאַי; די געטאָ עקזיסטירט ניט מער; עס זיינען צעשטערט געוואָרן אַלע הייזער דאָרט; געבליבן נאָר אַ טייל לעשנאָ גאַס; דער היזק איז גרעסער ווי פֿון דער דייטשער באָמבאַרדירונג אין ערשטן חודש פֿון דער מלחמה; מיט באַוואונדערונג און אַנטציקונג האָבן מיר זיך צוגעקוקט צום אויפֿפֿלאַמען פֿון פֿייער פֿון די מכּבייער. אָט ביי אונזערע, אָפֿטמאָל פֿאַראַכטעטע יידן. מיר וויסן, אַז מיר זיינען עדות פֿון אַ געשעעניש, וואָס וועט טויזנטער יאָרן בלייבן אין מענטשלעכן זכרון".

*
* *

איך האָב פֿון אָנפֿאַנג דערמאָנט, אַז די פֿאַקטן, וואָס זיינען אויבן געבראַכט געוואָרן, ווערן דערציילט פֿון קריסטן. ריכטיק האָט באַ־מערקט איינער פֿון זיי:

„עס איז אין וואַרשע היינטיקן פֿרילינג פֿאָרגעקומען אַ געשעעניש, וואָס איז פֿון אומגעוויינלעכער וויכטיקייט פֿאַר דער געשיכטע".

אויב מיר וועלן האָבן גליק, וועלן מיר אין גיכן הערן, וואָס יידן דערציילן וועגן איר; אפֿשר אויך אַזעלכע יידן, וואָס האָבן פּערזענלעך אָנטייל גענומען אין עפּענען דעם רומפֿולן און פֿאַנטאַסטיש־רעאַליס־טישן „צווייטן פֿראָנט".

# ד.

## ווי די פֿאָליאַקן פֿון דער אונטערערדישער באַוועגונג האָבן צוגעשטעלט געווער אין די געטאָס.

עס איז זעלבסטפֿאַרשטענדלעך, אַז ביז די מלחמה וועט זיך ענדיקן קאָן מען ניט דערציילן קיין סך שפּאַנענדע, אינטערעסאַנטע איינצלהייטן, ווי אַזוי ווערט אין אַן אַקופּירט לאַנד אָרגאַניזירט אַן אונטערערדישע

אַרמיי, צעטיילט אין פּולקן, דיוויזיעס, אַרמייען, מיט סערזשאַנטן, אָפיצירן, גענעראַלן... יעדער ווייס זיין פּלאַץ זיין ראַנג און וואָס ער וועט דאַרפֿן טאָן, ווען דער גרויסער גלאָק פֿון אויפֿשטאַנד וועט אָנהייבן קלינגען.

מיר ווייסן, צום ביישפּיל, אַז אין פּוילן זיינען אויף אַזאַ אופֿן פֿאָרבאַרייטעט גאַנצע 250 טויזנט מענטשן, צעשאָטן איבערן גאַנצן לאַנד געקירעוועט דורך אַ שטאַב מיט אַ הויפּט־קאָמאַנדיר, וועלכער רופֿט זיך: „שעף פֿון באַוואָפֿנטן קאַמף".

זיינע סאָלדאַטן זיינען כמעט אַלע באַשעפֿטיקט אין ציווילן לעבן אַלס אַרבעטער, פּויערים, באַאַמטע. אַ שיין ביסל פֿון זיי מוזן אַפֿילו טראָגן די חרפּה פֿון זיין „קאָלאַבאָריישאָניסטן", ווייל מען זעט ווי זיי חברן זיך מיט די דייטשן, פֿאַרנעמען גאַנץ הויכע שטעלעס אין אינ־דוסטריעס, אָדער האַלב־מיליטערישע אָרגאַניזאַציעס: רעדן הויך און אָפֿן דייטש, לויבן די חכמות פֿון „פֿירער"...

זיי אַליין ליידן שטאַרק דורכדעם פֿון די דורכשניטלעכע פּאָליאַקן, ווערן באָיקאָטירט: ווייל גאַנץ ווייניקע ווייסן, — אַז אָט די „פֿאַררעטער' זיינען פּשוטע סאָלדאַטן פֿון דער אונטערערדישער אַרמיי, וועלכע דינען אַלס די אויגן און אויערן פֿון באַפֿרייענדיקן „סיגנאַל קאָרפּוס"...

אין פֿאַרשיידענע געגנטן, אין דערפֿער, אין וועלדער זיינען באַ־גראָבן גרויסע זאַפּאַסן געווער און מלחמה־אַמוניציע: ניט אַלץ האָבן די דייטשן געפֿונען, ווען די פּוילישע אַרמיי האָט זיך צוזאַמענגעבראָכן אין סעפּטעמבער 1939; די וועלט וועט אפֿשר איבערראַשט ווערן, ווען זי וועט זיך דערוויסן, וויפֿל סקלאַדעס זיינען אָפּגעשפּאָרט געוואָרן און אַרונטער אין „אונטערגרונט".

כדי זיך מיט דעם דאָזיקן געווער צו באַנוצן דאַרף מען האָבן אַ פֿאָרמעלע דערלויבעניש פֿון דער געהיימער מיליטערישער קאָמאַנדע. נאָר אין זעלטענע פֿאַלן ווערט אַזאַ דערלויבעניש אַרויסגעגעבן.

אַלס אַזאַ אויסנאַם־פֿאַל איז אָנערקענט געוואָרן דאָס אַרויסגעבן גע־ווער צו די יידישע קאַמף־דרוזשינעס, וועלכע האָבן זיך געגרייט שטעלן דעם לעצטן ווידערשטאַנד אין די געטאָס פֿון וואַרשע, ביאַליסטאָק, ביעסוויזש און אַנדערע, דערווייל פֿאַר אונז אומבאַקאַנטע פּלעצער.

די יידן האָבן דאָ אין וואַרשע אָנגעהויבן פֿאָדערן גלייך נאָך דעם, ווען עס איז קלאָר געוואָרן, אַז אַלע טראַנספּאָרטן, וואָס ווערן אַרויס־געשיקט פֿון וואַרשע כלומרשט אויף אַרבעט, ווערן אויסגעמאָרדעט אין טרעמבלינקע.

שוין אין דעצעמבער 1942 איז געמאַכט געוואָרן אַ ווענדונג נאָך געווער דורך די פאַרבינדונגס־מענטשן פון דער פוילישער סאָציאַליס־טישער באַוועגונג.

דער געהיימער שטאַב אָבער, האָט זיך באַצויגן מיט אַ געוויסן אומצוטרוי צום געפּלאַנטן יידישן אויפשטאַנד. מען האָט די ביטע אָפּגעזאָגט, דערקלערנדיק: אַז עס איז פאַראַן אַ מורא, דאָס די געווער קען אַריינפאַלן אין די הענט פון די דייטשן.

דער יידישער אויפשטאַנדס־קאָמיטעט האָט אָבער זיך אַלץ פעסטער אָרגאַניזירט: טויזנטער אָנטיילנעמער האָבן זיך שוין געהאַט פאַר־שריבן, גרייטע צו שטאַרבן מיט געווער אין די הענט...

עס זיינען אויך אַריינגענומען געוואָרן אין יידישן קאַמפּס־שטאַב איניקע פוילישע אינסטרוקטאָרן.

דער דרוק צו באַקומען וואָפן פון פוילישן אונטערגרונט איז געוואָרן אַלץ שטאַרקער... ענדלעך איז די זאַך דערגאַנגען קיין לאָנדאָן, וואו די יידישע פאָדערונג איז פאַרשטאַנען און אָפּגעשאַצט געוואָרן... פון דאָרטן איז אַרויס אַ באַפעל: „אַרויסגעבן די נייטיקע צאָל מאַשין־געווער, אויטאָמאַטישע ביקסן, רעוואָלווערן און איבער־הויפּט האַנט־באָמבעס".

דורך פאַרשיידענע וועגן זיינען די באַדייטנדיקע פּעק מיט אַמוניציע צוגעשטעלט געוואָרן אין די געטאָס, וואו דער ווידערשטאַנד האָט זיך געזאַלט אָנהייבן...

אויך פוילישע מיליטערישע אינסטרוקטאָרן זיינען צוגעשטעלט געוואָרן צו די יידישע אָנפירער.

מען האָט געקעמפט צוזאַמען, און צוזאַמען געפאַלן... דער כבוד פון די געטאָס איז געראַטעוועט געוואָרן לדור־דורות.

## ה.

יידן שרייבן פון „יענעם זייט סמבטיון" * בריוו פון מזרח־גאַליצישע שטעט * ערגעץ אין אַ וואַלד אויפן גרענעץ * פאַרקליידעטע חלוצים ברענגען גרוסן * די סמבטיון־לעגענדע אין אַ נייער אויסגאַבע * אַ מיליאָן „פאַרלוירענע יידן" געפינען זיך הינטער פשעמישל.

פאַר מיר ליגן אונטערערדישע באַריכטן, געשריבן אין פּראָנ־צויזיש, דייטש, העברעאיש און יידיש. כאַראַקטעריסטיש זיינען די העברעאישע בריוו, געשריבן אין אַלטן משכילישן סטיל, אָבער מיטן

טאָן פֿון די בריוולעך, וועלכע עס האָט געשיקט דער אומשטערבלעכער מנחם־מענדל צו זיין ווייב שיינע־שיינדל. מער ניט, מנחם־מענדל איז אין די דאָזיקע בריוו אַ טראַגישער וואַנדערער פֿון סטאַניסלאַוו קיין קאָלאָ־מייע און פֿון דאָרטן קיין שניאַטין אויף דער אַלטער פּויליש־רומענישער גרענעץ. שיינע־שיינדל איז אַרויסגעשפּרונגען פֿון אַ לויפֿנדיקן צוג, וואו מען האָט איר מיט נאָך טויזנטער יידן געפֿירט צו דער שחיטה. מנחם־מענדל איז נאָך פֿון פֿריער אַנטלאָפֿן מיט אַ פּיצל קינד אויף די הענט, און ער גנבעט זיך אַריבער צום „גליקלעכן" גרענעץ, וואו אויף דער צווייטער זייט האָפֿט ער „באַפֿרייט" צו ווערן פֿון די בלוטיקע ציגיינער, וועלכע רופֿן זיך רומעניש פֿאָלק.

זיצט ער אויפֿן גרענעץ, פֿאַרשטעקט אין אַ לאָך אין אַ וואַלד און ער שרייבט בריוולעך צו אַ גוטן פֿריינד אין בוקאַרעסט. ער באַשרייבט אין זיי די פֿינצטערע שחיטות אין גאַליציע, וועלכע ער האָט געזען מיט זיינע אייגענע אויגן און קלאָגט זיך צווישן איין געשיכטע און דער צווייטער, אַז „ווי אַזוי קען מען לעבן, ווען פֿאַר אַ קילאָ קמח דאַרף מען צאָלן שלשה לאָקשן (דריי דאָלאַר) און אַז דער מוכ"ז, איינער פֿון די „חסידי" אומות העולם, וואָס וועט דעם בריוועלע צו־שטעלן, דער דאָזיקער ימח־שמו'ניק, וואָס שותה דמינו בצעבער'ן (טרינקט אונזער בלוט מיט עמערס) נעמט פֿאַר זיין היילעקער טירחה אין גאַנצן עשרים לאָקשן". וויפֿל גאַליקן הומאָר פֿאַרמאָגט דאָס אונזער אומ־גליקלעכער ברודער דאָרטן אין וואַלד, ווען ער שרייבט אַרום, ווי זיין שיינע־שיינדל, זיין ווייב, הייסט עס, האָט אויסגעזען, ווען זי האָט נאָכן אַרויסשפּרינגען פֿון צוג, ווייל זי האָט געבענקט נאָך איר קינד משה'לע — געוואַנדערט אין אַ שלאַקס־רעגן און בלאָטעס, ביז זי האָט ווידער זיך דערשלעפּט צום מאַן און קינד.

ער שרייבט: „אל תראוני שאני שחרחורת", זי האָט טאַקע אויס־געזען שוואַרץ ווי די ערד, אָבער „על כן עלמות אהבוני", די וועלטן (אַ שפּיל פֿון ווערטער) זיינען מיר דאַן ליב געוואָרן"...

און דערנאָך קומען אַזעלכע טראַגישע ידיעות, געשריבן אין אַ קאַלטן טאָן פֿון אַ היסטאָריקער: „הושענה־רבה איז געווען אַ יום־הדין פֿאַר יהודים, י"ג מאות האָט מען דאַן גענומען בקאָלאָמייא. ערב יום הכפּורים זיינען אין שניאַטין נהרג געוואָרן חמשה מאות. זיינען זיי אַלע אין די נאָענטסטע וועלדער צו איין גרויסן קבר ישראל געבראַכט געוואָרן".

„שפּעטער, דעם 6טן נאָוועמבער (1942) שחטו עוד ז' מאות בקאָ־לאָמייא. און דערנאָך זיינען שוין ביז פּסח פֿאָרגעקומען בלויז קליינע הריגות.

אין סטאניסלאוואו זיינען נאך סוכות נהרג געווארן מ״ב אלפים, — אנשים נשים וטף (מענער, פרויען און קינדער). אין קאסאוו זיינען אין דעם זעלבן „זמן שמחתנו״ אויסגעשאסן געווארן דירעקט אין די קברת אחים (ברידער קברים) ב׳ אלפים ה׳ מאות — שוין צוזאמען מיט די לייכט פארוואונדעטע זיינען זיי פארשאטן געווארן.

„אין האראדענקא און זאבלאטאוו זיינען לעבעדיקע קינדער דערשטיקט געווארן אדער אין וואסער געווארפן. אין דריטן טאג חול המועד פסח איז פארברענט געווארן אחי ר׳ תנחום זצ״ל, זוגתו ובנו (מיין ברודער תנחום, זיין ווייב און זיין זון). ארום האבן געברענט הייזער, זיינען זיי אלע דערשטיקט געווארן אויפן בוידעם.

„ויבא הפליט, ויגד... שליחים, וואס זיינען נאר וואס געקומען אין וואלד זאגן, אז אין שניאטין זיינען פון די ג׳ אלפים און ד׳ מאות יהודים געבליבן נאר צען. אין האראדענקא זיינען פאראן נאר ט״ו מאחינו, אלע פרנסה־לאזע.

אין טארנאפאלער געגנט — ווען די רשעים זיינען געקומען איז פון אנפאנג אן געווען ביטער — איצטער, בלי עין הרע איז רואיק.

„אין סטאניסלאוואו האט מען דעם ראש־הקהל געהאנגען אויף די טעלעפאן־סלופעס. ער איז אזוי געבליבן אויף דער תליה ב׳ ימים, למען ישמעו ויראו...

„איך ווייס ניט, וואס עס איז געווארן פון דעם שרייבער פון דער מוראדיקער כראניק, וועלכער האט געשיקט דעם קוטשמעוואטן וואלד־גוי קיין רומעניע פאר „עשרים לאקשן״ מיט זיין בריוועלע. אבער דאס פאפירל איז דערגאנגען קיין בוקארעסט, שפעטער קיין קאנסטאנטינאפאל, צוזאמען מיט הונדערטער אנדערע אזעלכע איוב־ידיעות. און דערנאך, אונטער רויטע טריוואקס־זיגלען פון א דיפלאמאטישער פאסט, האבן די פאקטן דערשלאגן זיך צו יענע טישן אין לאנדאן און וואשינגטאן, וואו די מלחמה־פארברעכנס ווערן רעגיסטרירט, קלאסיפיצירט, און אז גאט וועט געבן, וועלן די מערדער פון קאלאמייע און סטאניסלאוואו הענגען אויף די זעלבע טעלעפאן־סלופעס, אויף וועלכע עס איז געהאנגען „ב׳ ימים״ דער ראש־הקהל פון סטאניסלאוואו, דערווייל דער אומבאקאנטער קדוש...

* *
*

איך נאטיר יעדע ידיעה ,אז ערגעץ־וואו האבן זיך אפגעפונען יידן און אפשר זיינען די ידיעות, דאס אלע דעפארטירטע פון פארשיידענע מקומות ווערן טאקע אין וועג אויסגעקוילעט, א רעזולטאט פון

פֿאַרשטענדלעכן פּסיכאָז, וועלכער האָט אַרומגעכאַפּט אונזערע גע־פּייניקטע ברידער וואָס געפֿינען זיך אין די נעגל פֿון די נאַציס? מיר לייענען טאָקע יעדן טאָג ווידערשפּרעכנדיקע ידיעות, אַז אין פּוילן זיינען געבליבן נאָר אַ פֿינפֿטל אָדער אַ צענטל פֿון דער פֿריערדיקער צאָל יידן, אַז מיליאָנען זיינען אויסגעקוילעט געוואָרן.

אָבער פֿון דער אַנדערער זייט אַנטהאַלטן די דאָקומענטן, וועלכע זיינען געבליבן נאָר א פֿינפֿטל, אָדער אַ צענטל פֿון דער פֿריערדיקער איך האָב איצט פֿאַר זיך, גרוסן, וועלכע איך וויל איבערגעבן אזוי ווי זיי שטייען און גייען. זיי קומען פֿון אַ זייער זיכערער יידישער קוועלע אין פּוילן, פֿון יענער שוין איצט לעגענדאַרער גרופּע חלוצים און חלוצות, וואָס וואַנדערן אַרום איבערגעטאָן פֿאַר פּויערים און פּויער־טעס... פֿון יענער שיינער, העלדישער חברטע, וואָס איך האָב פּער־זענלעך געקענט אין וואַרשע, אָבער קיין מאָל זיך ניט פֿאַרגעשטעלט, אַז הינטער די בלויע אויגן און בלאָנדע האָר פֿון דער דאָזיקער אינטע־ליגענטער חלוצה, ליגט פֿאַרבאָרגן אַן אוראַלטער ביבלישער געמיש פֿון דבורה און יהודית, פֿלאַמט אַ מערקווירדיקע העלדישע נשמה, וועל־כע האָט ענדלעך געפֿונען איר תּקון אַלס קרבן־עולה אויפֿן מזבח פֿון קדוש־השם...

אויב אין גאַנץ סאָוויעט־רוסלאַנד ווערט געפּייערט, און מיט רעכט, דער אַנדענקען פֿון דער 18־יאָריקער פּאַרטיזאַנקע סאָניאַ קאָז־מאָדעמיאַנסקאַיאַ, וועלכע האָט זיך געלאָזן פֿאַרפּייניקן און אויפֿהענגען, אָבער ניט אַרויסגעגעבן דעם סוד פֿון אירע חברים, וועלן מיר יידן אויך, ווען עס וועט קומען די צייט, האָבן וועמען צו דערמאָנען, און מיט גרויס שטאָלץ וועלן מיר אָנרופֿן די נעמען פֿון אונזערע נייע העלדן, די העלדן פֿון יידישן פֿאָלק.

מאַמעס וועלן קינדער פֿאַרוויגן מיט באַלאַדעס וועגן שטאָלצע, יונגע מיידלעך און בחורים, וועלכע האָבן דאָן, ווען די ערד איז געווען מיט בלוט דורכגעזאַפּט און אונטער די פֿיס האָט געברענט, מוטיק און אַנטשלאָסן געוואַנדערט פֿון געטאָ צו געטאָ, כּדי צו ברענגען אַ ביסל הילף און אַ סך האָפֿענונג.

אָט דערציילט, אין איר בריוו, איינע פֿון די דאָזיקע חלוצות, וועלכע זאַמלט צונויף ערגעץ־וואו אין פּוילן די ידיעות וואָס עס ברענ־גען די וואַנדערנדיקע חברים:

„אייערע שליחים קומען לעצטנס מיט נעגאַטיווע באַריכטן. דער גאַנצער געגנט פֿון „גענעראַל־גאָווערנמענט" (צענטראַלער טייל פֿון פּוילן) ווערט „אַנטיידישט". מיר זיינען דעריבער זייער טרויעריק,

אָבער מיר מוזן רעכענען מיט דער טאַטזאַך, אַז אַלע פּערזאָנען וועלכע געפינען זיך אין דעם דאָזיקן טייל פון לאַנד וועלן וואַרשיינלעך פאַר־ניכטעט ווערן".

„אָבער לעצטנס האָט חבר ב. געבראַכט אַ ידיעה, אַז ער האָט געטראָפן אין דעמבלין־אירענע און קאָנסקע־וואָלע (לובלינער קאַנט) פיל פוילישע יידן. מיט אַ וואָך צוריק זיינען אַהין אויך געבראַכט געוואָרן טויזנטער בעלגישע יידן. אַ צווייטער שליח דערציילט, אַז אין באָכניע, נעבן קראָקע, האָט ער געטראָפן אַרום פינף טויזנט פוילישע יידן. ער האָט אויך געזען יידן אין סטאַניסלאַוואָוו, אָבער ניט געקענט צוקומען צו זיי. אויך אין בעלזשיץ, נעבן לובלין, האָט ער אָנגעטראָפן אַ צאָל וואַרשעווער יידן...

און דאָ קומט אין ראַפּאָרט אַ סענסאַציאָנעלער זאַץ, וועלכן איך וואָלט ניט וועלן קאָמענטירן: "מיר האָבן געפונען שפורן, אַז אויף יענער זייט פון טייך בוג, צווישן ראַוואַ־רוסקא און פּשעמישל, אין גאַליציע, געפינט זיך אַ גרויסע יידישע געמיינשאַפט, וועלכע איז דאָרט אַהין איבערגעזידלט געוואָרן פון פאַרשיידענע פּלעצער. מען זאָגט, אַז דאָרט זיינען פאַראַן איבער אַ מיליאָן יידן, אויב ניט מער. צוקומען אַהין האָבן מיר דערווייל ניט געקאָנט".

אַ מיליאָן יידן אָדער מער... דאָס איז אַ צו וויכטיקע ידיעה, מען זאָל קענען ציען פון איר קאָנסעקווענצן, נאָר אויפן סמך פון די „שפורן", וועגן וועלכע עס רעדן די שלוחים. מען מוז אָפּוואַרטן גע־נויערע איינצלהייטן איבער יענעם געגנט.

אָבער צי דערמאָנט ניט די נאָר וואָס געבראַכטע אינפאָר־מאַציע יענע אַלטע צייטן, אין אַ בית־מדרש, צווישן מנחה און מעריב, ביי אַ צאַנקענדיק ליכטל אויף אַ הינקענדיקן „שטענדער", ווען יידן האָבן זיך דערציילט: „מיר האָבן שפורן, אַז אויף יענער זייט פון טייך סמבטיון, צווישן דעם קאַלטן ים און די הרי־חושך, געפינען זיך אונזערע פאַרלאָרענע עשרת־השבטים. זיי זיינען אָפּגעטיילט פון דער גאַנצער וועלט מיטן טייך, וואָס שליידערט אַ גאַנצע וואָך פייערדיקע שטיינער, און מען קען דעריבער צו זיי ניט צוקומען; אַז עס וועט אָבער קומען משיח און מיט אים דער גרויסער שבת פאַר דער באַ־פרייטער וועלט, דעמאָלט וועלן מיר קענען דעם טייך אַריבערפאָרן און זיך מיט אונזערע אָפּגעריסענע ברידער באַהעפטן...".

מיר פון אונזער דור און אַ סך דורות פאַר אונז האָבן געגלויבט אין דער דאָזיקער וואונדערבאַרער לעגענדע, און מיר גלויבן אין איר ווייטער: מיט אַזאַ העלדישער יוגנט, וועלכע וואַנדערט איצט איבער

די טאָלן פֿון אייראָפּע, אויפֿהאַלטנדיק דעם גלויבן אין דעם ענדגילט־טיקן נצחון און אויסלייזונג; מיט אַזאַ יוגנט, וואָס קעמפֿט אַזוי העלדנ־מוטיק אין פּוילנס געטאָס און וועלדער — וועלן מיר אויך דעם סמבטיון אַריבערפֿאָרן.

## ז.

### אונטער דער בלוי־ווייסער פֿאָהן * ווי אַזוי דער קאַמף אין געטאָ איז אָרגאַניזירט געוואָרן * דער „גענעראַל־שטאַב” * דער לעצטער ווידערשטאַנד.

דער סאַמע לעצטער באַריכט, וועלכער איז אָנגעקומען פֿון ערגעץ־וואו אין אייראָפּע, איז געשריבן פֿון אַ חלוץ, וועלכער איז אַנטלאָפֿן פֿון וואַרשע און געפֿינט זיך איצט ערגעץ אין רומעניע אָדער אין אונגאַרן.

דאָס איז דער ערשטער ראַפּאָרט געשריבן דורך אַ יידן, וועלכער באַלייכט דעם היסטאָרישן ווידערשטאַנד פֿון די געטאָס פֿון אַ גאַנץ בייעם ווינקל, און פֿילט אָן אונזערע הערצער מיט טרויער און מיט שטאָלץ.

דער ראַפּאָרט, וועלכער אַנטהאַלט עלף זייטן, געשריבן אין העב־רעאיש, איז דורכגעשמוגעלט געוואָרן דורך אונטערערדישע קאַנאַלן קיין איסטאַמבול. פֿון דאָרטן האָבן מיר אים באַקומען.

דער שרייבער פֿון ראַפּאָרט האָט זיך בעת דער שלאַכט געפֿונען מחוץ פֿון געטאָ. ער האָט געדינט אַלס פֿאַרבינדונגס־אָפֿיצער צווישן פּוילישן אונטערגרונד און יידישן ווידערשטאַנדס־צענטער ביים צו־שטעלן געווער און אַמוניציע.

מיר נעמען פֿון דעם דאָזיקן ראַפּאָרט אַרויס אייניקע כאַראַקטע־ריסטישע שטעלן:

„די איבערגעבליבענע 40 טויזנט יידן אין וואַרשע האָבן זיך לאַנג און גרינדלעך צוגעגרייט צום טאָג, ווען זיי וועלן ענדלעך קענען מיט געווער אין די הענט, באַצאָלן פֿאַרן אויסמאָרדן פֿון דעם האַלבן מיליאָן געטאָ־איינוואוינער אין משך פֿון די פֿריערדיקע חדשים. אַ גענעראַל־שטאַב איז אָרגאַניזירט געוואָרן, אין וועלכן עס זיינען אַריין יידישע און פּוילישע אָפֿיצערן. יעדע גאַס האָט געהאַט איר קאָמאַנדיר; יעדעס הויז זיין באַפֿולמעכטיקטן. אונטער זעק מיט קאַרטאָפֿעל, וועלכע עס פֿלעגן געבראַכט ווערן אין געטאָ, זיינען געלעגן אויטאָמאַטישע ביקסן, רעוואָלווערן און באָמבעס. אין די טיפֿע קעלערן, וועלכע לאָזן ניט

דורך קיין גערויש, האָט מען די יוגנט געלערנט שיסן. אַלע האָבן זיך פּשוט געריסן אַריינגענומען צו ווערן אין די קאַמף־אָפּטיילונגען, ניט אויסשליסנדיק פרומע ישיבה־בחורים.

„באַלד ווי דער אויפשטאַנד האָט זיך אָנגעהויבן, האָבן זיך אויף די העכסטע הייזער פון געטאָ באַוויזן דריי פאַנען, וועלכע מען האָט דאָרט שוין לאַנג ניט געזען. די יידישע ווייס־בלויע, פאָן, די פוילישע נאַציאָנאַלע פאָן און די סאָציאַליסטישע רויטע פאָן.

אונטער אָט די דריי שטאַנדאַרטן האָט אַן ערך 40 טעג געפלאַקערט דער אויפשטאַנד.

„אויף די ווענט פון געטאָ האָבן זיך גלייכצייטיק באַוויזן פּלאַקאַטן מיט אויפשריפטן ווי: „די יידן וועלן קעמפן ביזן לעצטן טראָפּן בלוט".

אין דעם זעלבן באַריכט ווערט ווייטער דערציילט, אַז „די יידן האָבן געפאַנגען גענומען אייניקע הונדערט דייטשע שטורמיסטן און זיי געהאַלטן אַלס לעבעדיקע משכנות אין דער געגנט פון סמאָטשע גאַס".

און איצט קומט אין באַריכט אַ באַשרייבונג, וועלכע לייענט זיך ווי אַ העלדן־לעגענדע פון אַ גריכישן עפּאָס:

„דער לעצטער אַקט פון געטאָ־אויפשטאַנד האָט זיך אָפּגעשפּילט אין אַ פיר־שטאָקיקער געביידע פון אַן אַלטער פאַבריק אויף נאָוואָליפּקי גאַס, ניט ווייט פון יידישן בית־עולם, 42 טעג נאָכן אויסברוך פון אויפשטאַנד.

„אַ גרופּע יידישע יונגע לייט און מיידלעך האָבן פאַרטיידיקט דעם לעצטן באַסטיאָן: דאָס איז אַלץ וואָס עס איז געבליבן פון די פיל טויזנטער העלדן... די גאַנצע געביידע איז געווען אַרומגעצינגלט. פון אַ פענצטער פון צווייטן שטאָק האָט נאָך געפלאַטערט אַ בלוי־ווייסע פאָן. נאָך אַן אַכט־שעהדיקן שטורם־אָנגריף האָבן זיך די דייטשן אַריינגעריסן אין דער געביידע. זיי האָבן געוואָרפן צינדבאָמבעס... אַלץ מער חברים זיינען געפאַלן. נאָר אָט באַוויזט זיך די בלוי־ווייסע פאָן אויפן דריטן שטאָק און שוין באַלד פלאַטערט זי אַרויספאָדערנדיק פון אַ פענצטער אויפן פערטן שטאָק.

„אין אַ קורצער ווייל אַרום איז שוין די פאָן אין די הענט פון לעצטן יידישן פאַרטיידיקער, וועלכער האָט זיך אַרויסבאַקומען אויפן דאַך פון דער געביידע. ער שטייט איינער אַליין: אין איין האַנט האַלט ער אַ האַנט־גראַנאַט, מיט וועלכער ער וועט באַגעגענען די דייטשן, וואָס טופּען שוין מיט זייערע פיס אויף די טרעפּ, און אין דער אַנ־

דערער האַנט פֿאָכעט ער נאָך אַלץ מיט דער פֿאָן... ענדלעך דער לעצטער קראַך פֿון דער באָמבע... די דייטשן זייִנען שוין אויפֿן דאַך! דער יונגער פֿאָנען־טרעגער וויקלט זיך שנעל אַרום אין די פֿאַלדן פֿון דער בלוי־ווייסער פֿאָן — ווי זייִנע זיידעס אין אַ טלית — און ער וואַרפֿט זיך אַראָפּ פֿון דאַך אויפֿן ברוק... די פֿאָן ווערט גיך דורכגעווייקט מיט דעם רויטן בלוט פֿון איר העלדישן פּראָטעקטאָר... זי איז ניט געשענדעט געוואָרן, — זי דינט אַלס תכריכים פֿאַר אַ גרויסן, אומבאַקאַנטן מאַרטירער ...״

ז.

## אָפּגעריסענע בלעטער פון אַ טאָג־בוך

במקום אַ שלום־וואָרט.

מיר האָבן געבראַכט פֿאַר אייך אָפּגעריסענע בלעטער פֿון געשעענישן, וועלכע וויקלען זיך פֿונאַנדער פֿאַר אונזערע אויגן און פֿאַרכאַפּן די וועלט מיט זייער מאַיעסטעטישער מוראדיקייט און זייער איבערמענטשלעכן כּוח.

אין גרויסן ראָד פֿון איצטיקן שטורם, וועלכער רייסט זיך מיט אַ ביז איצט ניט באַקאַנטן כּוח אין דער מענטשלעכער געשיכטע, — אין דעם דאָזיקן שטורם דרייען זיך צעריסענע, מיט בלוט פֿאַרפּלעקטע בלעטלעך פֿון מיין פֿאָלק אין פּוילן. דאָרטן, אין יענעם לאַנד ביי דער ווייסל, האָט זיך דער פֿייער אָנגעצונדן, דאָרטן האָבן העלדישע פֿאַרטיידיקער פּרובירט פֿאַרהאַלטן די זאַווערוכע. זיי זייִנען דערדריקט געוואָרן אָבער ניט אונטערגעגאַנגען. זיי האָבן געעפֿנט אַ רויט־גאָלדענעם בלאַט אין אונזער מאַרטירער־געשיכטע.

מיר האָבן געזאַמלט די אָפּגעריסענע בלעטלעך, — צו אונז דערטראָגענע דורך וויסטע וועגן. דאָס זייִנען דערנער־בלומען, אויף וועלכע עס איז נאָך ניט פֿאַרטריקנט געוואָרן דאָס בלוט פֿון די דורך זיי געקרויינטע מאַרטירער. מיר האָבן צוזאַמענגעפֿלאָכטן די דאָזיקע דערנער־בלומען צו אַ באַשיידענעם לאָרבער־קראַנץ. — דאָס איז ניט קיין גאַנצער, אָבער דאָך אַ מערקווירדיקער עדות פֿון צרות און אומאויפֿהערלעכן ווידערשטאַנד, וועלכער וועט זיך אַזוי לאַנג ניט אויסלעשן, ווי לאַנג עס וועט נאָך דאָרט לעבן איין ייִד.

אַנדערע, טויזנטער ,וועלן אָן ספֿק נאָך קומען, און אַרייַנפּלעכטן נייַע דערנער־בלומען אין דער מאַרטירער־קרוין פֿון פּוילן, פֿון אירע

זין און טעכטער, יידן און ניט־יידן, וועלכע זיינען געפאַלן אין די שלאַכטן פון ווידערשטאַנד קעגן שונא, אָבער ניט באַזיגט געוואָרן.

דער ווידערשטאַנד גייט נאָך אַלץ ווייטער אָן!

עס וועלן קומען אַנדערע, — און אפשר וועל איך אַליין אויך זיין צווישן זיי — וועלכע וועלן דערלעבן דעם נצחון און אים באַשרײַבן.

זעען מיר דאָך אַלע אויפן האָריזאָנט די פאַרביקע קאָנטורן פון רעגנבויגן, וואָס זאָגט שוין אָן, אַז דער מבול הויבט אָן נאָכלאָזן, — אַז צווישן די געדיכט־אָנגעהאנגענע וואָלקנס, באַווייזט זיך ווידער די זון.

זאָלן די געבראָכענע בלעטלעך, אומקאָמפּלעט ווי זיי זיינען, דער־ציילן די געשיכטע פון געמיינזאַמע ליידן פון די מענטשן דאָרטן בײַ דער ווייטער ווייסל; זאָלן זיי דערציילן וועגן געמיינזאַם פאַרגאָסענעם בלוט, וועלכעס דאַרף צעמענטירן אַלע גלויבנס אין אַ פרייען, דעמאָ־קראַטישן, אומאָפּהענגיקן פוילן.

אָפּגעריסענע בלעטער פון ווייטן שטורם, — ברענגען זיי דאָך צו אונז דעם ריח פון דער פוילישער ערד, פון די לאָנקעס, פון די אויסגעבענקטע וועלדער, פון דער פעטער ערד, אין וועלכער עס רוען די ביינער פון אונזערע נאָענטסטע און ליבסטע.

פאַראַן לענדער שיינערע, פאַראַן טייכן ברייטערע, פאַראַן הייזער העכערע, ווי אין ווייטן פוילן, — אָבער אַהין קיין פוילן ציט זיך אונ־זער בענקשאַפט און אונזער ליבשאַפט און אונזער וואונטש, אַז זי זאָל ווידער אויפשטיין, אויפוואַכן צו פרייהייט.